Spritzer, Victor.
Rut : dramatishe poeme
in 3 aktn.
Buenos Ayres, 1933.

BIBLIOGRAPHIC RECORD TARGET

YIVO INSTITUTE FOR JEWISH RESEARCH

Master negative Storage Number Y-2004- 1893.4

**Spritzer, Victor, 1898-1952.**
Rut : dramatishe poeme in 3 aktn.
Buenos Ayres : [o. fg.], 1933.
Varying form of title: Title on verso of t.p.: Ruth - poema dramático
86 p. ; 24 cm.

1. Ruth (Biblical character)--Drama. 2. Yiddish drama.--lcsh
I. Argentina-Buenos Aires

ID : NXYH01-B16944 CC: 9114 DCF: [HBR]
CALL #: /78557

Reduction ratio X 10.0

9/4

אביגדור שפריצער

# רות

בוענאס איירעס, 1933.

9/A

אביגדור שפריצער

# רות

דראמאטישע פאעמע אין 3 אקטן

8/78557

בוענאס איירעס, 1933.



## פאַרשוינען:

אלימלך
נעמי — זיין ווייב
מחלון } זיינע זין
כליון }
בועז — זיין קרוב
דער „אורח"
יונגער דינער
יונגע דינערן
אַלטער דינער
אַלטע דינערן
אַ דינער
רות
ערפה
אַ שטים
די יונגע פון דער מחנה
די אַלטע פון דער מחנה
איינע } כישופמאַכערנס
אַ צווייטע
אַ דריטע
אַ פערטע
אַ פינפטע
אַ זעקסטע
אַ זיבנטע
אַ מיידל
דאָס צווייטע מיידל

שפּיל־מיידן, טאַנץ־מיידן, זינג־מיידן און אַנדערע מיידלעך, דינערשאַפט און פאַרשידענע מחנות.

באַ אליםלכן: אַן אומפּאַראַקערט פּעלה, געבעט מיט שיינע פּעל. אַן אויבנאַן, פאַר איין פאַרשויז, קיניגלעך באַפּוצט. רעכטס פירט צו ריידבאַצירטע געצעלטן, לינקס — צו גרויסע שייערס. אין הינטערגרונט בילדעט זיך שטאַלן מיט שאָף און רינדער.

יונגער דינער, יונגע דינערן, אַלטער דינער, אַלטע דינערן — ליגן ווי אויסגעלייגט און קוקן פאַרוואונדערט צו דער רעכטער זייט, פון וואַנען דער אורח קומט האַסטיק אַן. ער שטעלט זיך אָפּ, באַקוקט אַלצדינג, זיפצט שווער אָפּ. פאַרטיפט אין זיך, גייט ער פאַמעלעך אָפּ אויף לינקס. זיי קוקן אים נאָך פאַרשנדיק. פויזע.

דער אורח קומט פון לינקס. גלייך באַם באַווייזן זיך, בלייבט ער שטיין מיטן קאָפּ געווענדט אויף הינטער זיך, און דאָס וואָס מען הערט, ווייסט מען נישט, צי ער רעדט צו עמעצן, אָדער עמעצער רעדט צו אים.

פאַרהאַרטעווע דאָס האַרץ, וואָס פילט
אַ יעדע ווייטיק פון באַשטראָפטן
און זאָג אים אָן די בייזע בשורה —

קליינע פויזע

דעם אַנקום פון זיין אומקום!

קליינע פויזע

## אַלטע דינערן

ס'קומט זיין וואָרט פון הויכסטער הויך,
קאָן עס נישט צו אונדז דערגרייכן.

## דער אורח

גייט פאַמעלעך — אויף רעכטס — אָפּ. זיי קוקן אים נאָך. לאַנגע פויזע.

## אַלטער דינער

ווי אויסבאַפנדיק זיך

אַלע רעדן וועגן אורח,
גאַנץ בית־לחם קאָכט מיט אים —

## אַלטע דינערן

אָט דער בייזער אלימלך,

וועלכער לאָזט צו זיך נישט רעדן,
הערט דעם אורח שעהען לאַנג —

### יונגע דינערן

אלימלך שטייט און ציטערט!

### אַלטע דינערן

און דער אורח רעדט מיט פייער —

### יונגע דינערן

ס'רעדט דער אורח פול מיט פייער —
נאָר מען הערט נישט וואָס ער רעדט!

### אַלטע דינערן

ס'ווייסט נישט קיינער וואָס ער וויל —

### אַלטער דינער

נאָטספּאַרכטיס

ס'זאָגן גוטע פרומע לייט,
אַז דער אורח איז אַ נביא,
צי אַ מלאך גאָר פון גאָט,
אלימלך טוט אונדז שלעכטס —

### יונגער דינער

אויפגעברויזט

שווער און ביטער איז דער יאָך!

### יונגע דינערן

אויפגעברויזט

נישט קיין עסן, נישט קיין טרינקען!

### יונגער דינער

גאַנץ בית־לחם הונגערט!

### יונגע דינערן

פול זיין שייער, אָנגעשטאָפּט!



### אַלטע דינערן

מיט די הענט צום הימל

קומט ער שטראָפן אים פאַר אונדז!

### אַלטער דינער

נאָטספּאַרכטיק

וועט ער פאָלגן אים, איז גוט,
און ווען נישט, וועט זיין אַ סוף
צו דעם בייזן אלימלך —

### יונגער דינער

אויב אַז שטראָפן...
דאַרף דער אורח שטראָפן א ו נ ד ז,
וואָס מיר זענען אומבאַהאָלפן
ווי אַן אייזל:
ס'ווערט אין וואָגן איינגעשפּאַנט,
ס'שלעפּט דעם וואָגן מיטן האַר! —

ס'דאַרף דער אורח שטראָפן א ו נ ד ז,
וואָס מיר זענען אונטערטעניק
ווי אַ הונט, וואָס לעקט זיין האַר!
שלאָפט דער האַר אויף זיין געלעגער,
וואַכט דער הונט און היט אים אָפּ,
און ער וואַגט נישט צו אַנטלויפן —

### אַלטער דינער

וואוהין? צום צ ו ו י י ט ן האַר? —

### יונגער דינער

„וואוהין”? — צום צווייטן „ ה ו נ ט ”!
יאָ, צום „ ה ו נ ט ”, צום צווייטן, דריטן,
פערטן און אַזוי אַלץ ווייטער,
מער און ווייטער און זיך מ ע נ ט ש ן !
מענטשן זיך און מ ע כ ט י ק ווערן —

### יונגע דינערן

מיט אַ געלעכטער

אַז דער ה אַ ר זאָל ווערן הונט?!

## יונגער דינער

**אַז דער האַר זאָל ווערן מענטש!..**

פון רעכטס קומט דער אורח און גייט־אַפּ אויף לינקס. זיי שמועסן צווישן זיך, זעען אים נישט.

## אַלטער דינער

וואַרנענדיק

**האַרן האָבן שאַרפע שפּיזן!...**

## יונגער דינער

**אין טיפעניש פון מענטשנס זעל**
**איז פאַראַן אַזוינס וואָס קיניגט,**
**נאָר ס'איז אַנדערש פון אַ קיניג,**
**עס איז שטאַרקער פון אַ קיניג!**

**סע טרעפט גאַנץ אָפט, מע וואַרפט אַ קיניג**
**פון זיין אויבנאָן אַראָפּ,**
**אָן דעם קיניג אין דער זעל —**
**ניין! מע קאָן נישט רירן אים**
**פון זיין אויבנאָן!...**

## אַלטער דינער

וואַרנענדיק

**האַרן האָבן שאַרפע שפּיזן!..**

## יונגער דינער

**ווען מלכים פירן קריג,**
**איינער מעקט דעם צווייטן אָפּ,**
**דעמאָלט פּטרט ער זיין קעגנער.**

**איז דער קעגנער אָבער דאָס,**
**וואָס רעגירט אין מענטשנזעל —**
**איז ער נישט צום פּטרן!**

**ווען אַפילו אָפּצומעקן**
**פון דער וועלט דעם גאַנצן מין,**
**וועט אין אָפּמעקער אַליין**
**דערדאָזיקער קעגנער דערוואַכן!... —**



## דער אורח

קומט פון לינקס — רעדנדיק — זיי קוקן אויף אים מיט אויפמערקזאַמקייט.

**שוין טויזנט צייטן לאַנגע שווערע,**
**ווען ס'האָט געטריפט דאָס בלוט פון הבל,**
**און נאָך פאַרשרייט עס אַלע וועלטן,**
**אַז פאָדערט בלוט, נאָר בלוט און בלוט!**

**דאָס האַרץ איז רחמים־פול און קלאָגט:**
**סע טוט מיר ווי די ערשטע וואונד!... —**
**און ס'וואַרט אויף צייטן אַנדערע,**
**אויף צייטן פול מסירת־נפש!**

**און קומען וועלן אָט די צייטן,**
**ס'וועט הבלס בלוט פאַרמישן זיך,**
**מיט בלוט מסירת־נפשדיקס,**
**וועט הבלס בלוט זיין קאַלט און שטיל!...**

— — — — — — — — — — — — — —

דער אורח גייט אַפּ אויף רעכטס

## אַלטע דינערן

**נאָר זיין קול דערגרייכט צו אונדז,**
**אָבער נישט זיין הייליק וואָרט! —**

ס'דערהערט זיך אַ פרעך געזאַנג און אַ געפּויקעריי

## אַלטער דינער

דערשראָקן

**איילן מיר געשווינד פון דאַנען,**
**מחלון אָדער כליון קומט!**

אַלע פלינק אַפּ. נאָר דער יונגער דינער שטעלט זיך אַן אַ זייט. — יונגע שיינע מיידן קומען אַן שיכור־לעך, פרעך. טאַנצן, זינגען און שפּילן. מחלון צווישן זיי, זייער אָיפּגעלעבט.

## יונגער דינער

אַן אויפגערעגטער

**גאַנץ בית־לחם הונגערט!**
**מענטשן פאַלן ווי די פליגן!**

קיינער פון זיי הערט אים נישט און זעט אים נישט.

### מחלון

האָפּקעט, האָפּקעט אויס די פּיס,
זינגט און שפּילט און ווערט נישט מיד,
זאָל צעפּלאַקערן די גלוסטונג
אין אַ פייער־תאווה־ליד!

### די מיידן

רייס אַראָפּ די ברוסטנפּעל
פון דער שענסטער מויד אַצינר.
נאָג די בלוטן אירע אויס,
פּילסטו, מחלון, טעם פון זינד! —

### יונגער דינער

ציטער, דו, דו האַרנזון,
אין לאַנד יהודה איז אַ הונגער!
שווייגט, געזונקענע אין שמוץ,
ס'איז אַ צייט, ווען מענטשן ה ו נ ג ע ר ן!

*דער אויסגעשריי האט זיי איבערגעהאקט און אויפן ארט גערירט.*

### מחלון

*נאך א ווײַלע*

העי, אַ ווילדן טאַנץ אַרום!
און ווי לייבן זאָלט איר ברומען,
זאָל דאָס קרעכצן, סיי פון וועמען...
ביז אַהער דאָ נישט דערקומען!

### די מיידן

טאַנצן מיר אַ ווילדן טאַנץ
און מיר ברומען ווי די לייבן,
זאָל עס איצט אין אויגנבליק
יעדן קרעכץ פון אונדז פאַרטרייבן!

### מחלון

האָפּקעט, האָפּקעט אויס די פּיס,
זינגט און שפּילט און ווערט נישט מיד,
זאָל צעפּלאַקערן די גלוסטונג
אין אַ פייער־תאווה־ליד!



### די מיידן

טאַנצן מיר אַרום, אַרום
און פאַרפלעכטן זיך אין צווייען,
זאָלן ברענען אונדז די בלוטן
און די קעפּ זיך אַזש פאַרדרייען. —

זאָלן וואַרפן זיך די ברוסטן,
זאָלן רויטלען זיך די לייבער,
אַז דו, יונג, דו זאָלסט דערפילן
אַט דעם ברען פון יונגע ווייבער!

אַז דו, יונג, דו זאָלסט דערפילן,
ווי אַ פייער אין די ביינער,
אַז דו זאָלסט זיך תאווהש וואַרפן
אין דער שויס פון אונדזערס איינער!

טאַנצן מיר אַרום, אַרום
און פאַרפלעכטן זיך אין צווייען,

### דער אורח

*באווייזט זיך און קוקט זיך צו, צו אלעמען, זיי זעען אים נישט.*

### די מיידן

זאָלן ברענען אונדז די בלוטן
און די קעפּ זיך אַזש פאַרדרייען —

*בא די לעצטע ווערטער, ווארפט זיך מ ח ל ו ן אויף איינער פון די מ י י ד ן, רייסט זי ארויף אויף זיינע הענט, בייסט זיך איין אין איר ברוסט, לויפט ווילד אפ. — די איבעריקע מ י י ד ן דערזעען פלוצים דעם א ו ר ח, בלייבן ווי פאר־שטיינערט. דער א ו ר ח לאזט זיך צו זיי און שמעלט זיך אפ. נאך א ווײַלע ווענדט ער זיך צום י ו נ ג ן ד י נ ע ר. די מ י י ד ן גייען פאמעלעך אוועק, טויט דערשראקן.*

### דער אורח

זאָל ווערן אָפּגעטון פון דיר
די קראַפט, וואָס שרעקט דיך אָפּ פאַר מיר!

### יונגער דינער

איך בין אָנגעגורט מיט ווילן,
מוט און אַלע שטאַרקסטע כחות,

צו באַהערשן יעדע קראַפט, —
איז מיר פרעמד אַ יעדע שרעק,
נאָר איך ווייס נישט ווער דו ביסט.
דו געדענקסט נאָך הבלס בלוט,
„נאָך פאַרשרייט עס אַלע וועלטן" —
זאָגסטו, און דו רעדסט שוין
פון מסירת־נפש־בלוט!...

— — — — — — — — — — — — — —

## דער אורח

איך בין דער „סוד"...

## יונגער דינער

יעדער איז אַ סוד...

## דער אורח

איך בין דער סוד פון אַלע סודות!...
איך זאָג אָן בשורות: גוטע, בייזע,
און אַלע ברענגען גוטס, נאָר גוטס...

## יונגער דינער

איך בין יינגער און געבראָכן,
דו ביסט עלטער און געשטאַרקט...
מיינע ווערטער לאַכט מען אויס,
וויפל מאָל פאַרשטיינערט מען,
אָדער שפּיזן אינעם האַרצן!...
דו באַוועגסט נאָר מיט די ליפּן,
מאַכן זיי די מיילער אויף, —
פּרואווסטו נאָר פאַרלאָזן זיי,
פאַלט מען שוין צו דיינע פיס!

## דער אורח

ס'ליגט אויף דיר די גאַנצע עבר־אַלטקייט,
דו ביסט נאָר יונג אין ד ע ם געשטאַלט,
און לאַנג נאָך וועסטו זיין אַזוי —
דער ג ו ף נאָר וועט פאַרביטן ווערן —
ביז י ע ד ע ר וועט ד ע ר ק ע נ ע ן דיך!...

— — — — — — — — — — — — — —



דער מענטש איז קראַנק פון אייביק־אָן!
דיליידן האָבן ס'האַרץ פאַרשטיינערט,
און אייטערדיק געמאַכט דאָס אויג!...
און דו, דו ברענגסט צו אים אַ ז ו ן,
פאַרטראָגט נישט ס'אייטערדיקע אויג,
און קערט זיך אָפּ פון דיר מיט צאָרן!...

— — — — — — — — — — — — — —

פויזע.

## יונגער דינער

און ווייטער רעדט, און איך וועל הערן!

## דער אורח

איך בין געקומען איצט אַהער,
צו זאָגן דאָ אַ בייזע בשורה,
וואָס וועט ד ע ר נ ע נ ט ע ר ן דאָס גוטע...

— — — — — — — — — — — — — —

אין לאַנגן וועג, דעם פינצטערן,
אַ שטראַל נאָר פון דיין זון באַגלייט מיך...
און ס'אייטערדיקע אויג פאַרטראָגט אים!...

און כ'קום צו גאַסט אַ צווייט מאָל, דריט מאָל —
אַ שטראַל, אַ שטראַל און נאָך אַ שטראַל,
און ס'אויג פאַרטראָגט די גאַנצע זון!
און ס'ווערט דער קראַנקער מענטש געגעזן!

## יונגער דינער

אָדער גאָר ער בלייבט·דערפון
דערזעלבער קראַנקער ווי געווען?...

דער אַ ל ט ע ר ד י נ ע ר קומט אַן, פאַרזאָרגט, דער
א ו ר ח פאַרשווינדט.

## אַלטער דינער

צום י ו נ ג ן ד י נ ע ר

האָסט דאָס גאַנצע פאָלק צערייצט,
דו וועסט ברענגען אונדז אַן אומגליק!

## אַלטע דינערן

אנקומענדיס

אלימלך צאָרנט אַצינד!

די יונגע דינערן קומט אַן, דערנענטערט זיך צום יונגן דינער

## אַלטער דינער

פייער שפּריצט אים פונעם מויל,
אַלע, אַלע צו פאַרברענען!

## אַלטע דינערן

נישט נאָר בלויז די פרעמדע מענטשן,
נאָר אַפילו זיינע דינער,
זאָגט ער, וועט ער פייניקן,
פייניקן נאָך מער פון פרעמדע!

## אַלטער דינער

ווייל באַ אונדז האָט זיך צומערשטן
אָט דאָס פייער אָנגעצונדן,
הערסט יונגער, דו, דו!

## יונגער דינער

דו ביסט אַלט, דו שמעקסט צו ערד, —
קבר וועט נישט האַלטן דיך,
דו וועסט דורכגיין די גלגולים,
ביז וועסט ווערן יונג ווי איך...

אין גלגולים־גאַנג, דעם שווערן,
וועסטו טרעפן רויב און מאָרד,
שמוץ פון זנות און אַלדאָס בייז,
ביז וועסט ווערן האַרט ווי איך...

אין גלגולים־גאַנג, דעם שווערן,
וועסטו טרעפן נויט און פיין,
בושה פון געפאַלענע,
ביז וועסט ווערן ווייך ווי איך... —

קבר וועט נישט האַלטן דיך,
דו וועסט דורכגיין די גלגולים,
ביז וועסט ווערן יונג ווי איך...
נאָר וועסט שוין הערן נייע רייד!...
— — — — — — — — — — — — — —



## אַלטער דינער

ביסט געוואָרן ווי פאַרביטן,
איך פאַרשטיי נישט וואָס דו רעדסט, —
דו פאַרברענסט מיט דיינע רייד,
כאָטש מע ווייסט נישט זייער מיין.

נאָך אַ ווײַלע

ס'שטראַלט פון דיר, קאָן זיין, אַ זון,
נאָר זי ברענט אונדז, בראָט און ברענט!...

## אַ דינער

אַדורכגייענדיק

אלימלך האָט באַפוילן
„ברויט באַקומען נאָר די מיידן,
וועלכע טאַנצן, זינגען, שפּילן
און פאַרוויגן זייער האַר!"

אָפּ.

## אַלטער דינער

הערסט, יונגער, דו, דו ביסט שולדיק!

## אַלטע דינערן

צו דער יונגער דינערן

יונגע, מי דיך צו געפעלן,
זאָלסט דעם ערשטן פּלאַץ פאַרנעמען,
סיי־ווי־סיי אין זיינע הענט...

## יונגע דינערן

ווי דערוואַכט

ניין, מיין מיידלשאַפט איז ריין,
ריין און ערלעך, אומבאַפלעקט!
אלימלך וועט נישט וואגן
מיך צו נעמען צום געלעגער! —
ס'איז פון אויג אַראָפּ אַ הויט,
כ'זע דעם שמוץ פון מיינע שוועסטער,
כ'פיל אַצינד אין מיר אַ מוט,
אויפצוטרעטן קעגן אים,
קעגן אים און קעגן אַלע.

הילכן וועט מיין אויסגעשריי:
שוועסטער מיינע, קוקט אייך אום! —

דער א ו ר ח באַוויזט זיך. אַלע קוקן אויף אים פאַרשנדיק. אַ ל ט ע ר ד י נ ע ר, אַ ל ט ע ד י נ ע ר ן גייען אויף לינקס, אנקוקנדיק איינער דעם צווייטן — אַפּ.

## דער אורח

ס'איז אָנגעצייכנט אייער וועג,
אַ דערנער־וועג דעם גאַנצן גאַנג,
באַם סוף די הערלעכקייט אַליין!

י ו נ ג ע ר ד י נ ע ר, י ו נ ג ע ד י נ ע ר ן גייען אַפּ אויף רעכטס. דער א ו ר ח קוקט זיי נאָך און פאַרשווינדט. נאָך אַ ווײַלע קומט אַן כ ל י ו ן אַ צעטראָגענער.

## כליון

זיי נעמען שטעלן זיך אין רייען...
יעדער איינער טויזנט קעפּיק...
יעדער קאָפּ מיט טויזנט אויגן...
קאָפּ אַראָפּ און פיס אַרויף...
קאָפּ אַראָפּ און פיס אַרויף...

ער פאַרקוקט זיך אויף עפּעס און האַקט איבער, אַזוי אַ ווײַלע.

## אַ דינער

קומט אַן פאַרסאָפּעט.

## כליון

זייער נייגעריק

נו, געשווינד שוין, גיב אַן ענטפער!

## אַ דינער

כליון, כ'קום אַצינד פון ז י י,
זיבן כישופמאַכערנס,
זיבן פון די גרעסטע, קומען —

## כליון

ווען? זאָג שוין, ווען!?

## אַ דינער

שוין, זיי קומען שוין אַהער!



## כליון

גיי און ווײַז דעם גאַנג צו מיר! —
דער דינער אַפּ

## כליון

נאָך אַ ווײַלע

ווען זיי טרעפן מיר איז גוט
און ווען נישט, איז ווי צו זיי —

מיט אַ טײַוואָליש געכיכעריי קומען אַן פון אַלע זייטן די כ י ש ו פ מ אַ כ ע ר נ ס. פאַרשפּרייטן שנעל אַ שוואַרצע פעל. איינע זעצט זיך פאַרויס. די איבעריקע זעצן זיך אַרום פּלייצע צו פּלייצע.

## איינע

קאָטאַ, טאָטאַ, הו הו, הו!

## אַלע

אַ חוץ כ ל י ו ן:

קאָטאַ, טאָטאַ, הו הו, הו,
קאָטאַ, טאָטאַ, הו הו, הו!
פייער־רויט אַפו, אַפו,
טײַוולס קויט אַהו, אַהו,
קאָטאַ, טאָטאַ, הו הו, הו!
מענטשנקאָפּ אַהע, אַהע,
מענטשנקראַפט אַבע, אַבע,
קאָטאַ, טאָטאַ, הו הו, הו!
קאָטאַ, טאָטאַ, פייער־רויט,
קאָטאַ, טאָטאַ, טײַוולס קויט.
מענטשנקראַפט אַבע, אַבע,
מענטשנקאָפּ אַהע, אַהע,
קאָטאַ, טאָטאַ, הו הו, הו!

## איינע

ע ר פ ה הייסן וועט דיין ווייב —

## כליון

נו, און ווייטער?

## אַלע

אַ חוץ כ ל י ו ן

זיבן זענען מיר געקומען,
זיבן זאַכן צו דערציילן.

### כליון

אָט די ערפה קענט איר ווייזן?

זיי צעכיכען זיך טייווליש, ערפה באַווייזט זיך.

### אַלע

א חוץ כליון

קאָטאַ, טאָטאַ, הו הו, הו!
פייער־רויט — אַפו, אַפו...
אָט איז ערפה דאָ אַקעגן!

כליון דערזעט זי און ציטערט

### ערפה

לציש

זיבן זענען זיי געקומען,
זיבן זאַכן צו דערציילן.

ווערט נעלם

### אַ צווייטע

אלימלך הייסט דיין טאַטע —

### אַ דריטע

נעמי איז דיין גוטע מאַמע —

### אַ פערטע

מחלון הייסט דיין ברודער —

### אַ פינפטע

און זיין ווייב וועט הייסן רות —

### זעקסטע

כליון הייסטו, ביסט צערודערט —

### כליון

און דאָס זיבנטע?

זיי באַקומען בעכערס ווייַן אין די הענט, גיבן אויך אים איינעם



### אַלע

א חוץ כליון

טרינק נאָר, טרינק נאָר צו פאַרגיסן!

זיי שטייען אויף

### כליון

נו, זאָגט מיר אויך דאָס זיבנטע!

### אַלע

א חוץ כליון

טאַנצזשע, טאַנץ אַרום, אַרום!

### כליון

אויסטרינקנדיק דעם ווייַן

איך מיט מיינע מיידן.

ער רופט

מיידן!

ס'לויפן אַן אַ חברה פרעכע מיידן, זיי שפּילן און טאַנצן מיט כליונען, ארום די כשופמאַכערנס.

### כליון

און דאָס זיבנטע?

### כישופמאַכערנס

קאָטאַ, טאָטאַ, הו הו, הו,
און דאָס זיבנטע — דער אורח —
פירט אייך אַלע בײַ דער נאָז!...
קאָטאַ, טאָטאַ, הו הו, הו,
פייער־רויט אַפו, אַפו,
טייוולס־קויט אַהו, אַהו,
מענטשנקאָפּ אַהע, אַהע,
מענטשנקראַפּט אַבע, אַבע,
קאָטאַ, טאָטאַ, הו הו, הו!

די כשופמאַכערנס ווערן נעלם. די מיידן טאַנצן מיט כליונען, נעמי קומט. פאַרברעכט די הענט.

### נעמי

כליון, ס'הונגערט גאַנץ בית־לחם,
נײַ מאַך ווייך דיין טאַטנס האַרץ!

## כליון

שפּאַטיש

**מוטער נעמי, טאַנץ מיט אונדז!**

די מיידן מיט כליונען טאַנצן און פאַרשווינדן.
ס'דערהערט זיך אַן אויפגערעגט גערויש פון אַ גרויסער מחנה.

## יעמי

נאָך זיי רופנדיק

**כליון, כליון!**

אַ נאָך זיי. פון לינקס קומט אַן אַ גרויסע מחנה
אין אַן אויפגעהעצטער שטימונג.

## די יונגע פון דער מחנה

**אַלע פאַר איינעם און איינער פאַר אַלע!**

## די אַלטע פון דער מחנה

**נאָר מיט גוטן וועלן מיר פּועלן!**

## יונגע

**ניין, און טויזנט מאָל ניין!**

## אַלטע

**וועלן מיר פאַלן ווי די פליגן!**

## יונגע

**וועט נישט רוען אונדזער בלוט!**

## אַלטע

**וועט זיך גיסן בלוט צו בלוט!**

## יונגע

**וועט עס רייניקן דעם שמוץ —**

## אַלטע

**שטילער, שטילער, אלימלך**
**זאָל נישט הערן אייער זידלען!**

ס'קומט אַן דער אַלטער דינער



## איינער

פון די אַלטע

**אָט איז דאָ דער אַלטער דינער,**
**זאָל ער געבן אונדז אַ ראַט!**

## אַלטע

**אַ באַגלויבטער איז דער אַלטער דינער,**
**וועלן מיר הערן זיינע רייד!**

## אַלטער דינער

**כ'האָב געבוירן און פאַרלוירן**
**צייטן, דורות אַלערליי!**
**עדות זאָגט אויף דעם די גרויקייט**
**און געבויגנקייט ביז דר'ערד!**
**שוחד איז מיר פרעמד פון שטענדיק אָן,**
**ערלעך איז מיין יעדעס וואָרט —**

## אַלטע

**יאָ, מיר גלויבן, לאָז אונדז הערן!**

## אַלטער דינער

**אין מיין אַלט געבראָכן האַרץ**
**זענען ווייען אָנגעקנופּט,**
**און די אַלטע אויגן מיינע**
**זעען אַלץ נאָך, וואָס געווען! —**

**זונען זענען אויפגעגאַנגען**
**שיינע, העלע, מונטערע,**
**זונען זענען אונטערגעגאַנגען**
**טריבע, מידע, רויט־פאַרשעמטע.**

**און סע וועט נישט געענדערט ווערן,**
**ס'וועלן אויף און אונטערגיין**
**און אַ גרויסער ווייַ וועט בלייבן —**
**האַרן האָבן שאַרפע שפּיז! —**

די יונגע קוקן זיך אָן איינער דעם אַנדערן

## אַלטע

צווישן זיך

**האַרן האָבן שאַרפע שפּיזן...**

## אַלטער דינער

נאַכט קומט אָן מיט הושך־קראַפט
און פאַרטרייבט פון אונדז די זון!
חושך איז פון פאַר בראשית,
חושך בלייבט שוין ביז צום קץ!

מוז מען די אויגן צוגעוואוינען
זאָלן קוקן אינעם חושך!
יאָ, אַזוי שוין איז דער גורל,
האַרן האָבן שאַרפע שפּיזן! —

די יונגע לאָזן טרויעריק די קעפּ אַרונטער.

## אַלטע

שאָקלען מיט די קעפּ

האַרן האָבן שאַרפע שפּיזן...

## אַלטער דינער

ווי הויך וואָלט אייער מוח באַרוישט! —
אַ שאַרפע צונג האָט אייך צעריצט:
„פול איז אלימלכס שייער",
גייט איר קעמפן פאַרן היינט
ווען דער היינט איז לאַנג נישט אייער!..
אלימלך איז אַ בייזער,
וועט ער שפּיזן אייך אין האַרצן!

## אַלטע

וועלן מיר פאַלן ווי די פליגן!

## אַלטער דינער

גייט צון אים מיט גוטן, בעטן
זאָלט איר אים און רחמים וועקן
און זיין האַרטקייט וועט צעשווימען —

א גערויש פון הינטער די קוליסן

## אַ דינער

פון הינטער די קוליסן

מאָלצייט, מאָלצייט קומט אַצינד! — —
העי, מיידן, מאַכט זיך גרייט,



אלימלך האָט באַפוילן:
„גרייטן זיך אין אויגנבליק"! — — —
מאָלצייט, מאָלצייט קומט אַצינד!

## אַלטער דינער

פאַלט צו זיינע פיס און וויינט,
און זיין האַרטקייט וועט צעשווימען —

דער אַלטער דינער לאָזט זיך אַוועק. דער עולם נאָך אים. יונגער דינער, יונגע דינערן קומען זיי אַנטקעגן. דער אַלטער דינער איז שוין פאַרשוואונדן. דער עולם בלייבט נישט ווילנדיק אויפן אָרט. זייערע אויגן זענען געווענדט צום יונגן דינער און יונגע דינערן.

## יונגער דינער

גייענדיק מיט דער יונגער דינערן

גייען מיר זיך אונדזער וועג,
כאָטש ר'איז דערנערדיק און פינצטער.
פירן וועט ער סיי־ווי־סיי
נאָר אַהינצו, וואו ער פירט... —

נישט קיין שטראַל און נישט קיין זון
קאָן באַלייכטן אונדזער וועג,
נאָר אַ מוט, אַ שטאַרקער מוט
און אַ זיכערקייט אין האַרצן!

## יונגע דינערן

גייען מיר זיך אונדזער וועג,
כאָטש ר'איז דערנערדיק און פינצטער.
פירן וועט ער סיי־ווי־סיי
נאָר אַהינצו, וואו ער פירט...

יונגער דינער, יונגע דינערן לאָזן זיך אַוועק.

## אַ דינער

פון הינטער די קוליסן

מאָלצייט־שעה, די מאָלצייט־שעה!

יונגער דינער. יונגע דינערן פאַרשווינדן. — איידער דער עולם קומט איינגאַנצן צו זיך, באַווייזט זיך דער אורח און קוקט דורכדרינגלעך אויפן עולם, זיי זענען צעטומלט.

## דער אורח

נאָר אַ ווײַלע

פון מערב ביז צו מזרח
איז ווייט אַ וועלטן לענג.
און ס'איז דער וועג אַ שלעכטער,
אַ פינצטערער, מיט דערנער!...

## אַ דינער

פון הינטער די קוליסן

מאַלצייט־שעה, די מאַלצייט־שעה!

ס'דערהערט זיך מוזיק שפּילן, דער אורח לאָזט זיך אַפּ־גיין. דער עולם צעלויפט זיך. עס קומט אַן אַ חברה מיידן — שפּילנדיק — רינגלען אַרום דעם אויבנאָן. דער אורח קוקט זיך צו און פאַרשווינדט. די שפּיל־מיידן שפּילן שטיל.

## אַ דינער

קומט אַן אויסרופנדיק

אלימלך גייט אַהער! —
ערע, פאַרן גרויסן האַר!

אַפּ. די שפּיל־מיידן שפּילן אַ מין פאַרצייטיקן קבלת־פּנים־שפּיל. — אלימלך קומט־אָן. אַ גרויסער בעכער ווײַן אין זײַן האַנט. פיר יונגע שיינע מיידלעך גייען־מיט, בײַ זײַנע זײַטן, האַלטנדיק די פּאָלע פון זײַן אויבערפּעל. פון אַנט־קעגנאיבער קומט אָן אַ חברה מיידן, טאַנצנדיק. די שפּיל־מיידן גייען איבער פונם קבלת־פּנים־שפּיל צו אַן אַלטן מזרח־טאַנץ.
אלימלך גייט צו צום אויבנאָן, מיט אים די פיר מיידלעך. ער זעצט זיך און קוקט זיך צו צו דעם אַלעמען זייער נואהדיק. די טאַנץ־מיידן ענדיקן זייער טאַנץ, די שפּיל־מיידן — זייער שפּילן.

## אלימלך

אלימלך איז מײַן נאָמען,
מיר נאָר פּאַסט צו זײַן אַ מלך! —
שטאַרק און קרעפטיק איז מײַן גוף,
פול מיט בלוט די אָדערן,
ס'איז מײַן רוקן נישט געבויגן,
גלײַך און שיין, ווי ס'פּאַסט נאָר פאַר אַ מלך!

ער טרינקט

און מײַן האַרץ איז שטאַרק ווי שטאָל!
זאָלן הונגערן די בעטלער,
ס'וועט מײַן שייער זײַן פאַרמאַכט, —



נישט קיין מורא פאַר קיין שופט,
ס'איז מײַן קאָפּ אַ קיניג־שטאָלצער! —

ער טרינקט

ס'שמעקט באַם טרינקען זינגען הערן,
זאָלן מיידן שפּילן, זינגען,
נאָר געזאַנגען טרויעריקע!

ער טרינקט אויס און וואַרפט אַוועק דעם בעכער. — די שפּיל־מיידן שפּילן. זינגענדיק קומען אָן די זינג־מיידן.

## זינג מיידן

פון קיין מאָרגן ווייסט נישט קיינער,
און דער נעכטן איז אין דרערד...
מעג דער היינט שוין זײַן אַ שיינער,
האָט ער אויכעט נישט קיין ווערט!...

נעכטן ביסטו האַר געווען,
האָסט געהאַט שוין אַלץ באַנאַנד.
היינט אַן איבעריקער געשען,
היינט שוין, שטעלסטו אויף די האַנט!

לעבסט אין פריידן אָן אַ שיר,
אַלדאָס גוטס איז דיר געגעבן, —
קומען לײַדן אָן אויף דיר
און פאַרוויסטן דיר דײַן לעבן!

פון קיין מאָרגן ווייסט נישט קיינער,
און דער נעכטן איז אין דרערד...
מעג דער היינט שוין זײַן אַ שיינער,
האָט ער אויכעט נישט קיין ווערט!...

אלימלכן רירט דאָס זינגען.

## זינג מיידן

ס'מוז דײַן סוף אַ מיאוסער זײַן,
האָסט אַזוי דיר אָנגעצייכנט,
מעגסט אַפילו —

## אלימלך

האַקט איבער

שווייגט, איר זענט ווי אָנגעשיקטע

מיך צו פּלאָגן מיט די ווערטער,
מיך צו פּלאָגן מיט די טענער, —
שפּילט און זינגט מיר נאָר אַ פריילעכס!

די שפּיל־מיידן שפּילן אַ פריילעכס.

## זינג־מיידן

קלער־זשע נישט פון ווײ און ווינד,
מענטשן, געטער, — שדים, הינט,
ס'קומט דער מאָרגן סײ־ווײ־סײ!
טרייב אַוועק די מרה־שחורה
און געלעבט זאָל זיין אָן מורא,
ס'קומט דער מאָרגן סײ־ווײ־סײ!

אַ געלעגער אויסגעבעט,
יונגע מיידן, יונגע שיינע, —
אַ געהוליע, אַ געשפּעט —
און אַז איך הער זיין די איינע,
כאַ־כאַ, כאַ!

ווערט מיין שדישע אהבה
געבן דיר אַ טייוול־מאַכט,
אַז געבאָדן זיך אין תאוה,
ווי אין ערשטער חופּה־נאַכט,
כאכא, כאַ —

## אלימלך

מיד

זינגען, טאַנצן און פאַרשווינדן!

אלימלכס אויסרופן האט נישט איבערגעהאקט זייער שפּילן, זינגען און טאנצן

## זינג־מיידן

קלער־זשע נישט פון ווײ און ווינד,
מענטשן, געטער, — שדים, הינט.
ס'קומט דער מאָרגן סײ־ווײ־סײ!
טרייב אַוועק די מרה־שחורה
און געלעבט זאָל זיין אָן מורא,
ס'קומט דער מאָרגן סײ־ווײ־סײ!

אלימלך שטייט אויף. שפּיל־מיידן, זינג־מיידן, טאנץ־מיידן לאזן זיך אפּגיין, קומט אן די פריערדיקע מחנה, זי פאלט מיטן פּנים צו דר'ערד.



## די מחנה

אויפשטייענדיק

רחמים בעטן מיר בײַ דיר!
ס'טריקנט אונדז דער גומען —

## אלימלך

שווייגט, איך לויב אַצינדערט גאָט!
כ'דאַנק דיר, גרויסער גאָט אין הימל,

## די מחנה

רחמים בעטן מיר בײַ דיר!

אלימלך באפעלט זיי, ווייזנדיק מיט דער האנט, זיי זאלן זיך אפּרוקן אז א זייט.

## אלימלך

צו זיך

כ'מוז אַוועקגיין פון בית־לחם,
זיי צעטראָגן מיר מיין שייער —

אז די מחנה נעמט זיך איינהערן צו זיינע רייד, רעדט ער אויף א קול

גאָט, איך דאַנק דיר פאַרן חסד! —

צו דער מחנה געווענדט

מאָרגן עפן איך מיין שייער!

ער ווייזט זיי, ווי פריער, זיך אפּצורוקן, און זיי טוען עס.
אלימלך זעצט זיך, רעדט צו זיך.

שוין, שוין מוז איך פאַרנעמען
אַלע קערנער, אַלע זאַנגען
און דאָס גאַנצע האָב־און־גוטס,
און נאָך היינט אַוועק פון דאַנען
אויפן וועג צו גיין קיין מואב.

## די מחנה

אלימלך, גרויסער האַר —

## אלימלך

גאָט, איך דאַנק דיר פאַרן חסד,
וואָס דו האָסט מיר —

דעם אורחים באווייזן זיך, האסט איבער.

## דער אורח

אַ טאַטע האָט צוויי ליבע זין
און האָב־און־גוטס אַסאַך פאַר זיי,
נעמט איינער צו באַם אַנדערן
און ס'ווערן רייכע, ס'ווערן אָרימע, —
דער רייכער זון פאַרלאָזט זיין ברודער
און קומט צום פאָטער מיט אַ  ל ו י ב,
איז אומווערדיק די לויב...

## אלימלך

אורח, זאָג מיר ווער דו ביסט!
זאָג מיר וואָס פון מאָל צו מאָל
וואַקסטו אויס באַ מיר און בויערסט!...

## דער אורח

איך קום צו גאַסט פון צייט צו צייט
און כ'גיב אַ קלאַפּ אין טעמפּן קאָפּ...
און כ'ציטער אויף דאָס האַרטע האַרץ!..
און כ'מונטער אויף דאָס ווייכע האַרץ...
איך זאָג אָן בשורות גוטע, בייזע,
און אַלע ברענגען גוטס, נאָר גוטס...

י ו נ ג ע ר ד י נ ע ר, י ו נ ג ע ד י נ ע ר ן קומען אַן.

## אלימלך

ע ר, גאָר  ע ר, דער יונגער דינער!
אויבעט  ז י, שוין  ז י  מיט אים!

## יונגער דינער

צו דער  מ ח נ ה

איז דער קאָפּ באַ אייך געבוקט,
דושעט זיך אין מיר דער פלאַם!...
הויך און שטאָלץ הויבט אויף דעם קאָפּ
און בעטלט נישט, נאָר פאָדערט, נעמט!
נישט  ע ר, נאָר  א י ר  און מיר,  מ י ר
האָבן אָנגעפילט די שייערס!

## יונגע דינערן

איז צעבראַסטעט אייער ברוסט...



גיי איך אויס פאר בושה־ווייטיק!
אַ  ו ו י י ב  אויף זיין פאַרלאַנגען,
אַ  ל י י ב — אַ מעסטל זאַנגען...

## יונגער דינער, יונגע דינערן

הויך און שטאָלץ דערהויבט דעם קאָפּ,
זעט איר אָן דעם שיינעם סוף!..

## אלימלך

שניידן זאָל מען זיי די צונג!

י ו נ ג ע ר ד י נ ע ר, י ו נ ג ע ד י נ ע ר ן פאַמעלער אַפּ.

## דער אורח

אין  א י י ן  זייט שרייט דאָס בלוט פון הבל,
און אין דער  צ ו ו י י ט ע ר  זייט
איז אויסגעשטרעקט די האַנט פון  ק י ן...

דער  א ו ר ח  ווערט נעלם.

## בועז

פון הינטער די קוליסן אויף אַ קול

אָפּן איז מיין שייער, קומט! —
נעמט די לעצטע זאַנגען!

אנקומענדיק, צו דער  מ ח נ ה

אָפן איז מיין שייער,
קומט און זעטיקט אייך!

אַפּ. די  מ ח נ ה  גייט אַפּ רופנדיק: „בועז!“ „בועז!“

## אלימלך

ס'קלאַפּט מיין האַרץ און ס'רוישט מיין מוח!

די  ש פ י ל ־ מ י י ד ן  שפילן

## זינג־מיידן

פון קיין  מ אָ ר ג ן  ווייסט נישט קיינער
און דער  נ ע כ ט ן  איז אין דרערד...
מעג דער  ה י י נ ט  שוין זיין אַ שיינער,
האָט ער אויבעט נישט קיין ווערט... —

דעם  א ו ר ח ס  באַווייזן זיך, האָט איבער זייער שפילן און זינגען, דער  א ו ר ח  גייט צו נאָענט צו  א ל י מ ל כ ן. די ליכט ווערט טונקעלער, טונקעלער.

# צווייטער אַקט

### דער אורח

שטיי אויף און הער די בייזע בשורה!

א ל י מ ל ך שטייט אויף

### דער אורח

שלאָף־איין און זע דיין שוואַרצן מאָרגן!
פאַר דיר איז אָנגעגרייט אַ בראָך,
וועסט פאַרשניטן ווערן אָן אַ זכר,
און דיר דערמאָנען וועט דער נאָמען
פון מואבס פיינער טאָכטער — ר ו ת !

ר ו ת באַווייזט זיך

### רות

רות, מיין נאָמען רות,
וועט אין דיר דערמאָנען...

זי ווערט נעלם. לאַנגע פויזע.

### דער אורח

און גיי מיט מיר און הער דעם אָנזאָג!

דער א ו ר ח שטרעקט אויס זיין רעכטע האַנט צו דער רעכטער זייט, אַהין גייט א ל י מ ל ך. ס'גייט נאָך אים דער א ו ר ח, מיט דער אויסגעשטרעקטער האַנט. אַלע מ י י ד ן גייען ווי פאַרשלאָפן אויף לינקס .אַלע אָפּ.

### אַ שטים

פון הינטער די קוליסן

פאַרהאַרטעוועט דאָס האַרץ, וואָס פילט
אַ יעדע ווייטיק פון באַשטראָפטן
און זאָג אים אָן די בייזע בשורה —

קליינע פויזע

דעם אָ נ ק ו ם פון זיין אומקום!

פון לינקס באַווייזט זיך א ל י מ ל ך, נאָך אים דער א ו ר ח, זיין האַנט איז אויסגעשטרעקט צום אויבנאָן, אַהינצו גייט א ל י מ ל ך. ער זעצט זיך, שלאָפט איין, דער א ו ר ח לאָזט אַרונטער די האַנט און זיפצט שווער אָפּ. פינצטער.

פ אָ ר ה אַ נ ג .

אויפֿן וועג וואָס פֿירט פֿון מואב קיין בית־לחם־יהודה. ערפּה, רות, נעמי — פאַראָרעמט, פאַרעלטערט און דערשלאָגן. רות און ערפּה זינגען זיך אונטער אַ טרויעריקס. נעמי פאַרקלעמט. לאַנגע פּויזע. ביז דאָס זינגען פאַרלירט זיך פאַמעלעך.

## דער אורח

באַווייזנדיק זיך

**און ס'איז די וועלט צעטיילט, צעברעקלט.**
**די טיילן גייען דורך גלגולים.**
**אַ טייל באַהעפט זיך מיט אַ טייל,**
**איז קלענער דער גלגולים־גאַנג...**

רות און נעמי גייען זיך אַנטקעגן איינע דער אַנדערער, נעמען זיך אַרום, שליסן זיך פעסט צונויף, ווערן ווי איין געשטאַלט.

## דער אורח

**און ס'וועט דער גאַנג נאָך זייער לאַנג געדויערן,**
**ביז אַלע טיילן וועלן זיך באַהעפטן!...**

דער אורח ווערט נעלם. נעמי און רות ענדערן זייער פּאָזע. נעמי לאָזט זיך אַראָפּ, זעצט זיך אויף אַ שטיין. ערפּה דערנענטערט זיך צו רותן, ביידע זינגען זיך אונטער ווי פריער.

## נעמי

פּרוּווט איבעררײַסן זייער אונטערזינגען

**טעכטער מיינע, שוין גענוג!**

רות און ערפּה הערן נישט נעמיס רייד, האַלטן זיי נישט איבער זייער אונטערזינגען.

## נעמי

נאָך אַ ווײַלע

**טעכטער מיינע, ביז ווי לאַנג?!**
**ס'איז אַ שאָד נאָר אייער טרויער,**
**קבר נעמט אַוועק אויף אייביק.**

רות און ערפּה הערן איינציגווייז אויף אונטערזינגען. איינציקע טענער רייסן זיך נאָך אַרויס — פֿון צייט צו צייט.

### נעמי

אַלימלך איז אין קבר
נישט קיין גוטער, ווי בײַם לעבן...
ווייניק אים געווען צו פוילן,
מיטגעשלעפּט נאָך מחלון, כליון, —
פוילן דאַרפן אַלע דריי,
ליידן מיר דאָ אַלע דריי.

### ערפה

און הער מיך: ווען ער האָט פאַרנומען
אַלע קערנער, אַלע זאַנגען
און אַוועק פון לאַנד, פון היים —
פאַרלאָזן זיינע ברידער —,
האָבן זיי זיך איינגעזאַמלט
און געצאָרנט און געצאָרנט!
אָנגעגורט זיך און באַוואָפנט
נאָכגעיאָגט און נאָכגעיאָגט! —
איז נישט פון ז י י ע ר ה אַ נ ט געוואָרן
אָפּגענומען זייער האָב?
איז נישט פון ז י י ע ר ה אַ נ ט געפאַלן
אלימלך, מחלון, כליון? — — —
מוטער נעמי, האָסט געפאָלגט אים
און געגאַנגען פון בית־לחם
דאָ אַהער קיין מואב,
אויסצוגיין פון הונגער!
צו באַגראָבן ביידע יונגען! —

### נעמי

אויסכאַפּנדיק די רייד

טאָכטער ערפה, ווייסט דאָך אַנדערש!
כ'האָב געבעטן זיך בײַ אים:
עסן אויף דעם שייער,
זעטיקן די הונגעריקע!
כ'האָב אים צו פאַרשטיין געגעבן:
גיי נישט איצט אַוועק פון דאַנען,
ווען אַ הונגער איז אין לאַנד —
ברידער־טרערן זענען שווערע,
פאַלן זיי אויף אונדזער קאָפּ,
ווערט פאַרמשפּט אונדזער לעבן,



אויף צו מוטשען זיך און שטאַרבן! —
און ס'האָט גאָט געשיקט די שטראָף.

### ערפה

אָנגעגורט זיך און באַוואָפנט,
נאָכגעיאָגט און נאָכגעיאָגט!

### רות

מוטער נעמי, אַלץ איז וואָר! —
צו פאַרלאָזן זיינע ברידער,
ווען זיי זיינען אין אַ נויט,
אָנצופילן זיך דעם בויך,
ווען דער צווייטער לעכצט נאָך ברויט
און אַנטלויפן ערגעץ־וואו,
זיך אַליין נאָר צו באַשיצן,
איז די גרעסטע זינד! —
נאָר דיין גאָט, ער איז אַ גוטער,
אַ דערבאַרמדיקער פאָטער,
וועט ער טרייסטן דיך אַצינדער!

### נעמי

א י י ך נאָר, מואבס שענסטע טעכטער,
וועט ער טרייסטן! — אָבער מיך?
אַלט בין איך און מיד פון צרות,
כ'וועל קיין קינדער מער נישט האָבן
און קיין זכר וועט נישט בלייבן.

נ ע מ י בלייבט ווי פארגליווערט. ר ו ת און ע ר פ ת הויבן־אן, איינציקווייז ,אונטערזינגענדיק דאס זעלבע וואס פריער.

## דער אורח

באוויייזנדיק זיך

נישטאָ קיין זאַך וואָס גייט פאַרלוירן! — —
אַ יעדעס איז פאַר זיך אַ רינג,
און אַלץ אינאיינעם איז אַ קייט.
אַ קייט, וואָס וועט דאָס בייזע בינדן,
ווען אַלע רינגען וועלן זיין באַנאַנד...
סע פאַלן רינגען אָן אַ צאָל,
זיי בלייבן אָבער נישט פאַרלוירן,
אַ יעדער קוילערט זיך און קוילערט

און ווערט ווי פריער צוגעטשעפעט —
— — — — — — — — — — — — — — —
דאָס פאַרלוירענע ווערט ניי געבוירן!

דער אורח ווערט נעלם.

### ערפה

און קיין זכר האָט קיין האַפט נישט,
ווייל אויף אייביק איז קיין קראַפט נישט —
צייט פאַרשלינגט, צייט פאַרשלינגט.

### נעמי

ענדערנדיק איר פאזע

טעכטער, היים דאָ, זייער היים!

רות און ערפה הערן איינציקווייז אויף אונטערצוזינגען. ס'באווייזט זיך אלימלך: אפגעפליקט און אפגעריסן, גרוי, טעמפ, די אויגן ווי אויסגעלאשן. א טויט־קאלטקייט שלאגט פון אים.

### אלימלך

דערפילט דעם אורח דאָ און אייך —

### נעמי

טעכטער, קומט אין בוימער־שאָטן!

נעמי גייט אפ, נאך איר רות און ערפה — אונטערזינגענדיק. נאך זייער פארשווינדן, פארלירט זיך דאס אונטערזינגען. אלימלך שטרעקט אויס נאך זיי די הענט, מאכט א שפאן, בלייבט פארגליווערט. גלאצט אויסגעלאשן.

### אלימלך

היים און קאַלט און פונקען פליען,
שוואַרצע בילדער פאַר די אויגן
און אַ גוף מיט טויזנט אויגן
שיקט צו מיר זיין פייער־האַנט,
שטרעקט־זיך־אויס צו מיר און ווארגט... —
כאָרכל איך און פרואוו זיך ראַנגלען,
און דער אָטעם ווערט דערשטיקט!.. — —
גרייט מען שוין אַ נייע וואוינונג,
גראָבט מען שוין אַ גרוב פאַר מיר —
איז דער גרוב שוין אויסגעגראָבן,
לייגט מען מיך אַהין אַריין



און די טרערן פון באַוויינען
מאַכן ווייכער מיר די ערד. —
קבר איז צו מיר גאַנץ פריינטלעך,
הילט מיך איין אין ווייכע אָרעם. — — —

פויזע.

ווי די ערד מיט אירע וואוינער
ווערן נאָר געוואָר דערפון,
אַז כ'פאַרבלייב שוין דאָרט מיט זיי, —
קריגן זיך מיט מיר די וואוינער:
איך פאַרשטינק אומזיסט די ערד.
קבר טראָגט אַרויס אַ פסק:
זיי דאָס פלייש און מיר די ביינער. — — —
מיין איך שוין סע קומט דער סוף,
יאָגן־דאָן אַזוינע בייזע,
ציען מיך אַרויס פון קבר,
און זיי שלעפן מיך אַרום,
וואו אַ בלאָטע, וואו אַ בלאָטע!
און דער עלצטער גיט אַ היק:
איך זאָל בלאָנקען אינעם עולם,
זען דעם טויט פון מיינע יונגען
און די שטראָף פאַר מיין פאַרברעכן!

פויזע.

זען די מחנה אָנגעגורט,
וואָס יאָגט מיר נאָך און יאָגט מיר נאָך,
זען די האַנט פון טויזנט הענט,
וואָס נעמט זיך אָפ דאָס גאַנצע האָב!
זען די האַנט פון טויזנט הענט,
וואָס מאַכט אַ סוף צו מיר, אַ סאָף! —
זען דעם אָנקום פון מיין אומקום!
— — — — — — — — — — — — — — — — — —

בלאָנקע איך אַרום, אַרום,
און געפין נישט קיין מנוחה! —
נעמט עס טראָגט עס מיך אַהער,
פילן מענטשן מיין געשטאַנק:
פויל־געררוך מיט ווערים־ריח,
לויפן זיי פון מיר אַוועק.
טרייבט עס מיך אַריין אין קבר,
לאָזט מיך קבר נישט אַריין.

בלאָנקע איך אַרום, אַרום,
און געפין נישט קיין מנוחה! — — —

ער מאַכט עטלעכע שפּאַן און קוקט זיך אַרום — אויסגעלאָשן.

דער זכרון לעבט אין מיר
און דערמאָנט מיר מיין פאַרברעכן,
און דאָס מוטשעט מיך און מוטשעט!!

שפּילנדיק, זינגענדיק, טאַנצנדיק — באַווייזן זיך די ש פּ י ל־מ י י ד ן, ז י נ ג ־ מ י י ד ן, ט א נ ץ ־ מ י י ד ן.

## אלימלך

טו דיך אָפּ פון מיר, זכרון!
וויי, טו דיך אָפּ פון מיר! —

## זינג־מיידן

ארום אלימלכן

העי, געטאַנצט אַרום, אַ ראָד,
מענטשן־ווייען, שוין דערעסן...
שפּילן, זינגען, טאַנצן, הוליען,
זיך אינגאַנצן צו פאַרגעסן!

מעג די גאַנצע וועלט זיך טרינקען,
אין אַ ים פון נויט און פּיין,
איז געהוליעט און געהוליעט,
מ אָ ר ג ן וואָס וועט זיין, וועט זיין! —

קומען מוז דער בייזער סוף
און פאַרשלינגען קליין און גרויס,
איז אַ שאָד אַ יעדע רגע,
באַלד, אָט באַלד שוין לעשט מען אויס!

העי, געטאַנצט אַרום, אַ ראָד,
מענטשן־ווייען, שוין דערעסן...
שפּילן, זינגען, טאַנצן, הוליען,
זיך אינגאַנצן צו פאַרגעסן!

## אלימלך

מעק דיך אָפּ, זכרון!
וויי, פאַרשווינד פון מיר!

ש פּ י ל ־ מיידן, ז י נ ג ־ מיידן, ט א נ ץ ־ מיידן ווערן נעלם.



## אלימלך

אַ־אַ־אַך, ווי דאָס קוועלט און פּלאָגט מיך!
כ'בין אין מיינע זינד נישט שולדיק,
ס'האָט דאָס בייזע מיך באַצוואונגען,
כ'בין געווען אומבאַהאָלפן,
אומבאַהאָלפן ווי אַ קינד. —
ווידער, ווידער דער זכרון!

די מ ח נ ה, וואָס אין ערשטן אַקט, באַווייזט זיך — פאַלן מיטן פּנים צו דרערד.

## אלימלך

ווי צעמישט

פע, בוקן זיך איז מיאוס!
בוקן זיך איז מיאוס!

## די מחנה

אויפשטייענדיק

אלימלך, גרויסער האַר!
מיר וועלן דיינע דינער זיין,
דערבאַרעם זיך אויף אונדז
און גיב אונז ברויט, מיר הונגערן —

## אלימלך

ווי צעמישט

שווייגט, בעטן איז דאָך מיאוס!
קומט, איך עפן אויף דעם שייער,
ווער סע וויל, זאָל קומען עסן,
און פאַר אַלטע, קראַנקע ווענן,
טראָג איך אָפּ אַהיים.
ווי אַנדערש? איר אַליין, איר אַלע
האָט דאָך אָנגעפילט דעם שייער...

לאַנגע פּויזע

וואָס־זשע איז מיט אייך, מיט מיר?
וואָס־זשע שטייט איר אויף די ערטער?
קומט, איך עפן אויף דעם שייער,
פריי וועט זיין פאַר יעדן, קומט!

א ל י מ ל ך, רופנדיק: „ ק ו מ ט ", לאָזט זיך שפּאַנען און פ אַ ל ט. פון אַלע זייטן הערט זיך לציש אויסכיכען. די מ ח נ ה ווערט נעלם. נאָך אַ ווײַלע באַווייזט זיך דער א ו ר ח.

## דער אורח

אויף קבר־קאַלטע, מענטשן־ביינער,
אַרויפגעצויגן ווערט אַ הויט,
אַן אָטעם ווערט אַריינגעבלאָזן,
אַ חיות ווערט אַריינגעגעבן —
אַ חיות אומצוגיין אַ טויטער!

א ל י מ ל ך שטייט־אויף, טעמפּ.

## דער אורח

אין אויגן אויסגעלאָשענע
אַ פייער צינד זיך אָן און לייכט!
אין טויטן מוח פלאַטערט־אויף
זכרון און דערמאָנט, דערמאָנט,
און ס'ווערט פאַרומערט און פאַרביטערט
דאָס נ י ש ט ־ ז י י ע נ ד י ק ע ז י י ן...

## אלימלך

איין מינוט איז גוט געווען,
איין מינוט געהאַט מנוחה —
איין מינוט אין אַלץ פאַרגעסן! —
ווידער איז אין מיר אַ כח,
ווידער איז נישטאָ קיין רו —
ווידער מאַטערט דער זכרון!... —

דערזעט דעם א ו ר ח, רייסט ער אויף די אויגן, ציטערט אויף.

טוסט מיר וויי, אַזוי פיל וויי,
כאָטש דו ביסט דאָס גוטס אַליין!
אַלע טיילן פון דער וועלט
שליסן־צו די רחמים־טויערן, —
אַלע טיילן פון דער וועלט
זענען פול אַכזריות!

## דער אורח

מיין האַרץ איז פול רחמנות! —
איך וואָלט געוואָלט דערלייזן אַלע,
אַפילו די וואָס זענען בייזע!

און יעדער וויי, וואָס קומט פון מיר,
פאַרוואונדעט מיר מיין גאַנצן גוף



און מאַכט אַ פלעק אויף מיין נשמה...

אַ יעדער וויי, וואָס קומט פון מיר,
צערייסט מיין האַרץ אויף טויזנט שטיקער
און וואַרפט אַראָפּ מיין זעל אין אָפּגרונט...

די ווייען קומען אויף די מענטשן
און טרעפן זיי א י ן ס אַ מ ע מ י ט
און סמען אָפּ די בעסטע צייט.

און כ'וואָלט געוואָלט דעם מענטש דערלייזן
אַצינד, אַצינד שוין, נאָר איך קאָן נישט
אַ ר ו י ס פ ו ן מ י י נ ע ד' א מ ו ת!..

## אלימלך

אורח, אורח, אויבעט דו!
אַלע, אַ ל ע א ו מ ב אַ ה אָ ל פ ן...

אַ גרויס געטומל פון הינטער די קוליסן, ווי פון אַ גרויסער אויפגעהעצטער מאַסע, פון מאָל צו מאָל שטאַרקער.

## יונגע דינערן

פון הינטער די קוליסן

הויך און שטאָלץ הויבט אויף דעם קאָפּ,
זעט איר אָן דעם שיינעם סוף!

זי לויפט דורך, פאַרפלאַמט, צעהיצט. אַ ווײַלע דערנאָך לויפט אַזוי אויך דורך דער י ו נ ג ע ר ד י נ ע ר.

## יונגער דינער

פון הינטער די קוליסן

אַ מוט, אַ מוט, אַ פעסטער מוט
און אַ זיכערקייט אין האַרצן!

דאָס געטומל פון הינטער די קוליסן ווערט ווייטער, ווייטער און פאַרלירט זיך. פויזע.

## דער אורח

אפשר, אפשר וועט אַ ז ו י ־ אָ
אומבאַהאָלפנקייט פאַרשווינדן?..

דער א ו ר ח ווערט נעלם. פון הינטער די קוליסן הערט זיך אונטערזינגען ווי אין אנהויב אַקט. א ל י מ ל ך מאַכט אַ שפאַן פאָרויס.

## אלימלך

„וועט אומבאַהאָלפנקייט פאַרשווינדן"...

א ל י מ ל ך ווערט נעלם. ס'קומען־אַן ר ו ת, נ ע מ י און ע ר פ ה.

## ערפה

אנקומענדיק

ווי אומבאַהאָלפן, אומבאַהאָלפן!
מיר זיצן מיט פאַרלייגטע הענט
און גאָרנישט, מאַכן נישט קיין שפּאַן,
ווען אומבאַהאָלפנקייט פאַרשווינדן?

## נעמי

טאָכטער ערפה איז גערעכט,
נאָך פון ווען מיר זיצן דאָ!

## ערפה

אָט דער וועג, וואָס פירט אַהער דאָ,
פון בית־לחם־יהודה — איז פאַרוואַקסן!
וואָס־זשע שיקן מיר די בליקן,
וואָס־זשע קוקן מיר אַרויס?

## רות

מוטער נעמי וויל אַהין,
אפשר קומט נאָך ווער פון דאָרט?

## נעמי

אפשר, אפשר, קומט נאָך ווער,
צו ברענגען מיר אַ גוטע בשורה
פון מיין פאָלק, פון מיין לאַנד!

## ערפה

ס'איז אומזיסט נאָר אונדזער וואַרטן,
קיינער גייט נישט פון בית־לחם —

## נעמי

רעדט מען דאָך אין מואבס פעלד, אַז:
„גאָט געדענקט זיין פאָלק ישראל,
ס'וועט קיין הונגער מער נישט זיין". — —
וואַרטן מיר נאָך צו אַ ביסל,
זאָל די זון אַזוי נישט ברענען,
גיי איך קיין בית־לחם
ווען אַפילו קיינער זאָל נישט קומען. — —



שווער איז מיר זיך אָפּצושיידן,
נאָר איך מוז, איך מוז אַהין,
צו מיין פאָלק, צו מיין לאַנד!
איינגעבאַקן מיר אין האַרצן
בלייבט איר ביז מיין לעצטן אָטעם!
הערט־זשע, טעכטער, אויף צו טרויערן,
קערט זיך אום צו אייער מוטערס הויז,
און דער גאָט פון מיינע עלטערן
זאָל טון מיט אייך גענאָד,
ווי איר, טעכטער, האָט געטון
מיט די טויטע און מיט מיר!
גאָט זאָל געבן אייך אַ רואונג
צו געפינען אין מאַנס הויז —

זיי קושן זיך און וויינען

## רות און ערפה

נאָר מיט דיר, נאָר מיט דיר
וועלן מיר ווידערקערן צו דיין פאָלק!

## נעמי

טעכטער מיינע, קערט זיך אום
קיין מואב, דאָרט אַהין —

ס'דערהערט זיך א געזאַנג פון ווייט

## רות

האַקט איר איבער די רייד

מוטער נעמי, דאָרטן גייט מען!

אלע שטרעקנגען אין דעם בליק

## נעמי

יאָ, איך זע, מע גייט אַהער —

## ערפה

זענען שוין נישט ווייט פון אונדז —

## רות

גייען מונטערע און זינגען —

## נעמי

זייער זינגען איז מיר היימלעך!
סע דערמאָנט מיך אין אַמאָל,
יאָ, דאָס זענען זיי, יהודהס
שטאָלצע זין, זיי קומען־אָן —

## ערפה

פול מיט גלוסטונג זענען זיי —

## רות

זענען מונטערע און זינגען.

דאס געזאנג ווערט פון מאל צו מאל נענטער

## נעמי

קוקט זייער אנגעשטרענגט. נאך א ווײַלע:

אַך, אָט קומען זיי אַהער!
איך דערקען זיי, מיינע ברידער,
זע נאָר, רות, די שטאָלצע קעפ!

דאס געזאנג נאענט

## נעמי

דערקענט זיי — אויסער זיך

אַך, זיי זענען פון בית־לחם!

נ ע מ י לויפט אהין, פון וואנעט ס'הערט זיך דאס געזאנג. נאך איר לויפט ע ר פ ה. ר ו ת ווערט ווי פארשטיינערט פונעם א ו ר ח ס באווייזן זיך. דער א ו ר ח דערנענטערט זיך צו איר און קוקט דורכדרינגענד. ר ו ת מיט אויסגע־גלאצטע אויגן.

## נעמי

פון הינטער די קוליסן, אויף א קול

ברידער, ברידער, זאָגט, וואָס הערט מען!

ס'געזאנג איבערגעהאקט

## אַ חברה

פון הינטער די קוליסן, פון ווייט א ביסל

גאָט געדענקט זיין פאָלק ישראל,

נענטער

ס'וועט קיין הונגער מער נישט זיין! —

נענטער

אַך, נעמי, נעמי?



## נעמי

פון הינטער די קוליסן, מיט א געוויין.

איר זאָלט מיך מער נישט רופן „נ ע מ י",
מיר איז ביטער, רופט מיך „מ ר ה"!...

## די חברה

פון הינטער די קוליסן, נאענט

אַ דאָס איז נעמי!?
אַ דאָס איז נעמי!?

דער א ו ר ח מאכט א צוויי שפאן צוריק. ס'באווייזט זיך א ל י מ ל ך. דער א ו ר ח ווייזט א ל י מ ל כ ן, מיט דער האנט צו ר ו ת ן, וואוהין א ל י מ ל ך ווענדט זיך.

## רות

דאָס שלעכטע האָט מיך שוין געטראָפן,
דאָס שלעכטע פון אלימלכס בראָך.

דאָס שלעכטע וועט פון מיר זיך אָפּטון,
און קומען וועט צו מיר דאָס גוטע.

יהודה האָט אַ שיינעם זון,
אַ גוטן, אַ געראָטענעם,
ב ו ע ז, ב ו ע ז איז זיין נאָמען.
סע פליסט אין זיינע אָדערן
דאָס בלוט וואָס האָט ליב אַ יעדערן.

וועל איך אין דער שטיל באַנאַכט,
גיין צון אים, צו זיין געלעגער,
אויפדעקן די פאָלע זיינע
און זיך לייגן אים צופוסנס.

וועט ער שפּעטער מיך דערזען
און זיך וואונדערן און פרעגן,
וועל איך זאָגן ווער איך בין
און פאַרוואָס איך בין געלעגן.

אין זיינע אָרעמס וועל איך פאַלן,
אין זיינע אָרעמס וועל איך רוען!
און כ'וועל פון אים באַשלאָפן ווערן
און טראָגן ווערן
און כ'וועל פון אים אַ זון געווינען,
וואָס וועט שיינען איבער גאַנץ ישראל!

סע וועט פון אים אַרויסקומען
דער פּאַסטעך ד ו ד, ד ו ד,
וואָס וועט שיינען איבער גאַנץ ישראל!

ס'באַווייזט זיך ב ו ע ז

## רות

מיין נאָמען רות וועט זיין...

זי דערזעט ב ו ע ז, האַקט זי איבער און זי גייט צו צוּ אים. ער גייט איר אַקעגן. ר ו ת און ב ו ע ז נעמען זיך אַרום און ווערן נעלם.

## דער אורח

דיין בוים איינגאַנצן אויסגעוואָרצלט!
דער פּאַסטעך דוד, וואָס וועט שיינען
איבער גאַנץ ישראל,
וועט אַרויסקומען פון מ ו א ב ס טאָכטער,
פון רות און בועז, נ י ש ט פ ו ן ד י ר!..

איך האָב דיר אָנגעזאָגט די בייזע בשורה:
דעם אָנקום פון דיין אומקום.
און איך האָב געוואָרנט דיך:
פאַרנעם דעם יונגן דינערס רייד! —
פאַרלאָז נישט דיינע ברידער,
ווען זיי זענען אין אַ נויט,
פאַרנעם נישט דיין פאַרמעגן צו אַנטלויפן!
איז האַרט געווען דיין האַרץ,
אַ ג אַ ס ט בין איך בײַ דיר...
נישט זיך צוגעהערט צו מיינע רייד!

דער א ו ר ח ווערט נעלם

## אלימלך

אַלע ליידן פון דער וועלט
פאַלן אַצינד אויף מיר! —
אַ בראַנדיק פייער־מויל איז אָפן
און ס'שלינגט מיך איין און ס'שפּייט מיך אויס
און ס'וואַרפט מיט מיר פון עק ביז עק!

אויף טויזנט טיילן ווערט מיין גוף
צעטיילט און ווערט אויפסניי באַהעפט!
איך מוז אַליין אַ פייער מאַכן



און מיך אַליין אויף אַש פאַרברענען!

און ווידער ווער איך ניי באַשאַפן,
ס'וואַכט אויף אין מיר זכרון,
יענע בילדער שוועבן דורך
און זיי פייניקן און פּלאָגן,
אָן אַן אָפּרו, איינס אויף איינס, —
בועז האָט געבעטן מיך,
בועז האָט געוואָרנט מיך,
אַך, בועז, בו־ בועזזז...

## בועז

באַווייזנדיק זיך

דו פאַרפלעקסט אונדז אונדזער שבט! — — —
גאַנץ בית־לחם צאָרנט אויף דיר:
גייסט אַוועק אין הונגער־צייט,
לאָזט צוריק די הונגעריקע
און ס'פאַרמעגן נעמסטו מיט. —
אלימלך בלייב צוריק!
ברידער־טרערן זענען שווערע.. — — —
גיי נישט, גיי נישט —
דו באַפלעקסט אונדז אונדזער שבט!

נעלם

## אלימלך

גיב מיר רו, זכרון!
ווײַ, פאַרשווינדט פון מיר! —

מיט אַ טייוולישן געכיכעריי באַווייזן זיך פון אַלע זייטן די כ י ש ו פ מ אַ כ ע ר נ ס — מיט טאַנץ און מיט פּויקן.

## כישופמאַכערנס

קאָטאַ, טאָטאַ, הו הו, הו!

זיי טאַנצן אַ כשוף־טאַנץ און פאַרוויקלען אלימלכן אין זייער ראָד

## אלימלך

מעק דיך אָפּ זכרון!
טו דיך אָפּ פון מיר!

## כישופמאַכערנס

קאָטאַ, טאָטאַ, הו הו, הו,

קאַטאַ, טאַטאַ, הו הו, הו!
מענטשן־נויט — אַפו, אַפו,
לעבן, טויט — אַהו, אַהו,
קאַטאַ, טאַטאַ, הו הו, הו,
מענטשן, גאָט — אַהע, אַהע...
האַרץ־קראַפט — אַבע, אַבע...
קאַטאַ, טאַטאַ, הו הו, הו!
קאַטאַ, טאַטאַ, מענטשן־נויט,
קאַטאַ, טאַטאַ, לעבן, טויט,
האַרץ־קראַפט — אַבע, אַבע...
מענטשן, גאָט, — אַהע, אַהע...
קאַטאַ, טאַטאַ, הו הו, הו! —

## כליון

באַווייזנדיק זיך

זאָגט־זשע, ווער דער אורח איז?

## כישופמאַכערנס

קאַטאַ, טאַטאַ, הו הו, הו,
ס'איז דער אורח — ד אָ ס  ג ע ו ו י ס ן...
און ס'געוויסן איז די שוואַכקייט,
וואָס פאַרדרייט דעם קאָפּ אַ יעדן.. —
ס'פירט אַ יעדן בײַ דער נאָז
און — ס'איז נישט יענץ און ס'איז נישט דאָס...

קאַטאַ, טאַטאַ, הו הו, הו,
מענטשן־נויט — אַפו, אַפו,
לעבן, טויט — אַהו, אַהו,
מענטשן, גאָט —אַהע, אַהע,
האַרץ־קראַפט — אַבע, אַבע,
קאַטאַ, טאַטאַ, הו הו, הו!

כ י ש ו פ מ אַ כ ע ר נ ס,  כ ל י ו ן — נעלם

## אלימלך

לאַכט אידיאָטיש

„און ס'געוויסן איז די שוואַכקייט,
וואָס פאַרדרייט דעם קאָפּ אַ יעדן!
ס'פירט אַ יעדן בײַ דער נאָז
און — ס'איז נישט יענץ און ס'איז נישט דאָס..."

ענדערנדיק זיין פּאָזע, ברומט ער טעמפּ אַרויס און גייט איבער
צו געוויין



אַלע פאַלן־אָן אויף מיר,
אָן אַן אָפרו, אָן אַן אָפּרו!
ווידער גאָר דער יונגער דינער,
מיט דער יונגער דינערן —
וויי און ווינד! —

ס'באַווייזט זיך — יונגער ד י נ ע ר, יונגע ד י נ ע ר ן.

## אלימלך

וויי און ווינד!

## יונגער דינער

אין גאַנץ יהודה איז אַ הונגער
און אומעטום, וואו נאָר ס'איז
פאַראַן אַ שייער שטייט ער אָפן —
ווי לאַנג נאָר זאַנגען איז אין אים —
צו זעטיקן די הונגעריקע!
אַזוי אויך דאָ אין בית־לחם,
בועז האַלט דעם שייער אָפן,
און ער רופט נאָך און ער זאָגט,
אַז וואָס די ערד נעמט צו, איז אירס...
אָבער וואָס זי גיט, גיט זי פאַר אַ יעדן...
נאָר  ד ו  ביסט נאַריש, האַלטסט דעם שייער
פאַרמאַכט, פאַרהאַקט, פאַרשלאָסן
אויף זיבן שלעסער...
און פאַרשטאָפּסט דיר דיינע אויערן
און גיסט דיר נאָך די גרעבסטע תאוות,
אַזוי אויך זענען דיינע.זין! —

## יונגע דינערן

יהודהס טעכטער ווערן זונות! —

ס'באַווייזט זיך דער א ו ר ח

## יונגער דינער

און איצטער ווילסטו גיין קיין מואב,
פאַרנעמען דיר דיין גאַנץ פאַרמעגן
און מיר אַלע זאָלן הונגערן? —

## יונגע דינערן

די מיידן לאָזטו איבער,
ווי זונות אויף דער עלטער! —

## יונגער דינער

װעט הילכן איצט מײַן רוף,
װעט שטאַרקן זיך מײַן פֿויסט, —
די מחנה װעל איך אױפֿרודערן!...

## אלימלך

צו זיך

װי סע קװעלט!...

## דער אורח

איז װײסן זאָלסטו, אַז אַ שטראָף,
אַ גרױסע שטראָף װעט פֿאַלן אױף דײַן קאָפּ!
די דאַרע האַנט, די דאַרע האַנט,
זי װעט מיט גװאַלד אַרױסרײַסן,
פֿון גאָטס מויל, אַ קללה אױף דיר!...

## יונגער דינער

די דאַרע האַנט, די דאַרע האַנט,
זי װעט זיך שטאַרקן מער און מער,
זי װעט זיך מערן מער און מער,
אױף הונדערטער, אױף טױזנטער,
אױף צענער טױזנטער און מער,
און װעט נאָכיאָגן נאָך דיר!
און! און! און —
דער אָ נ ק ו ם פֿון דײַן א ו מ ק ו ם !

נעלם

## יונגע דינערן

און! און! און —
דער אָ נ ק ו ם פֿון דײַן א ו מ ק ו ם !

נעלם

## אלימלך

צו זיך

װײ, גענוג, — גענוג שוין!

דער א ו ר ח װערט נעלם. אַ געָרױש פֿון פֿרעכע קװיטשעס. ס'באַװײַזן זיך יונגע שײנע מ י י ד ן, שיכורלעך, פֿרעך. טאַנצן, זינגען און שפּילן. מ ח ל ו ן צװישן זײ.



## אלימלך

װי צעמישט

„יהודהס טעכטער װערן זונות"...

אױסשטרעקנדיק די הענט צו זײ

מחלון, מײדן, גײט אײַך, גײט!
איר האָט אײנגאַנצן זיך פֿאַרגעסן!

## מחלון

צו די מ י י ד ן

מאַכט פֿון מײדן אַ געלעגער, —
נאַקעט לײַב און הױלע ברוסטן —
און צוקאָפּנס און צופֿוסנס
און דערװעקט באַ מיר דאָס גלוסטן!

## די מײדן

אַלע, אַלע טרײַב אַװעק,
מ י ך אַ ל י י ן נאָר נעם צו דיר! —
װי אַ פֿײַער װעסטו ברענען,
װען דו װאַלגערסט זיך אױף מיר!

כ'װעל באַרױשן דיר דײַן מוח
און צעשרױפֿן דיר די בײנער,
װעסט פֿאַרגלאָצן מיט די אױגן
און פֿאַרקריצן מיט די צײנער! —

טאַנץ מיט מיר נאָר, טאַנץ מיט מיר נאָר, —
נעם די שענסטע אױף די הענט...
אָטעם אײַן מײַן אָטעם בלױז
און דו װערסט שױן װי פֿאַרברענט!

מ ח ל ו ן, ד י מ י י ד ן — װערן נעלם.

## אלימלך

נאָך זײ רופֿנדיק

איר האָט אײנגאַנצן זיך פֿאַרגעסן!

פֿון אַלע זײַטן הערט זיך לציש אױסכיכען — א ל י מ ל ך װערט נעלם.

### נעמי

פון הינטער די קוליסן

פאָלג מיך, טאָכטער, גיי צוריק!

### רות

פון הינטער די קוליסן

מוטער נעמי, כ'גיי מיט ד י ר נאָר?

### נעמי

אָט איז ערפּה צריקגעגאַנגען,
גיי דו אויך אַהין, קיין מואב,
צו דיין פאָלק, צו דיין גאָט!

### רות

בעטנדיק זיך

מוטער נעמי, נאָר מיט דיר!

### נעמי

ניין, אַהין קיין מואב, טאָכטער!
גאָט געדענקט מיין פאָלק,
איך גיין אַהין, צו זיי,
און דו, טאָכטער,
צו דיין פאָלק, צו דיין גאָט!

### רות

מוטער נעמי, צווינג מיך נישט,
איך זאָל פאַרלאָזן דיך.
איך וועל נישט צוריקקערן,
נאָר וואו ד ו וועסט גיין, וועל א י ך גיין!
דאָרט וואו ד ו וועסט נעכטיקן,
דאָרט וועל א י ך נעכטיקן,
ד י י ן פאָלק איז מ י י ן פאָלק,
ד י י ן גאָט איז מ י י ן גאָט
דאָרט וואו ד ו וועסט שטאַרבן,
וועל א י ך שטאַרבן
און אָן דיין זייט באַגראָבן ווערן,
נאָר דער טויט זאָל מיך אָפּרייסן פון דיר!



### נעמי

קושט זי

טאָכטער מיינע! —

ס'באווייזט זיך א ל י מ ל ך. נ ע מ י און ר ו ת גייען אפּ.
א ל י מ ל ך קוקט זיי נאָך. לאַנגע פּויזע.

### אלימלך

ס'ווערט אַ ה אַ ר ץ אַ ר יי נ ג ע ג ע ב ן,
ס'זאָל פ י ל ן און צ ע ב ר אָ כ ן ווערן...
ט ו י ט ע אויגן ווערן ל ע ב ע ד י ק,
זיי זאָלן ז ע ן און ווערן ב ל י נ ד...
אָ פּ ן ווערן וועלטן־טויערן
און נייע בילדער שוועבן דורך.

סע דערהערט זיך פון הינטער די קוליסן א שטיל, הארציק שפּילן. — אזוי א ווייגל.

און ווייזן מיר דעם מאָרגן, מאָרגן,
ביז צום סוף, ביז צום סוף...

פון הינטער די קוליסן, פון ווייט, הערט זיך א גרויס גערויש, פון א גרויסער מחנה, אויפגערעגטע אויסגעשרייען. סע ווערט ווי איבערגעהאקט און באַנייט זיך, אזוי עטלעכע מאָל.

### אלימלך

רייסט אויף די אויגן

האַ־אַ־אַ?... וואָ־אָ־אָס?...

טעמפּ

בבו...

ס'באווייזט זיך ב ו ע ז מיט ר ו ת ן, אויסגעפּוצט ווי פאַר צייטיקישע חתן־כלה....

### שטימען

פון הינטער די קוליסן

רות מיט בועזן! רות מיט בועזן!

ווידער דאָס פריערדיקע גערויש פון דער מ ח נ ה. פּויזע.

### שטימען

פון הינטער די קוליסן.

„גאָט זאָל געבן, אַז די אשה,
וואָס קומט אַריין צו דיר אין הויז,
זאָל זיין אַזוי ווי רחל און לאה,
וואָס האָבן אויפגעבויט ישראלס הויז!"

פון הינטער די קוליסן הערט זיך דאָס זעלבע שפּילן, וואָס פריער. אַזוי אַ לענגערע ווײַלע. מיטן א ו ר ח ס באַווײַזן זיך האַקט זיך איבער דאָס שפּילן. א ל י מ ל ך גלאָצט אויס די אויגן. ב ו ע ז און ר ו ת ווערן נעלם. דאָס גערויש פון דער מ ח נ ה דערהערט זיך פּלוצים גאָר נאָענט און גאָר שטאַרק. דער א ו ר ח ווײַזט א ל י מ ל כ ן מיט דער האַנט צום גערויש, וואָס זעצט אַרויס אין מעכטיקע אויסגעשרייען.

## די מחנה

פון הינטער די קוליסן

**גיב אויף! גיב אויף!**

**סע קומט דײַן סוף!!**

א ל י מ ל ך גיט זיך אַ ריס ווי צו אַנטלויפן, נאָר נאָך צוויי־דרײַ שפּאַן דערפילט ער זיך ווי געפּענטעט און ער רוקט זיך קוים מיט די פיס און דרייט זיך אַרום ווי אין אַ קרײַז, ראַנגלט זיך. אין דער זעלבער צײַט, גלײַך נאָך די ערשטע אויסגעשרייען, נעמען זיך יאָגן פון אַלע זײַטן גאַנצע מחנות אויף און אָפּ. צווישן די מחנות דערזעען זיך אַלעמאָל דער י ו נ ג ע ר ד י נ ע ר מיט דער י ו נ ג ע ר ד י נ ע ר ן. די אויס־געשרייען הערן זיך אויך ווײַטער, אָבער אַלעמאָל נאָר ווען זיי געפינען זיך הינטער די קוליסן. ווען זיי באַווײַזן זיך, יאָגן זיי נאָר פאַרבײַ מיטן שטאַרקסטן אימפּעט.

## די מחנה

פון הינטער די קוליסן, נאָך מעכטיקער פון פריער.

**אויג פאַר אויג!!**

**אויג פאַר אויג!!**

**סע קומט דײַן סוף!!**

א ל י מ ל ך פאַלט, באַוועגט זיך נישט. שטיל, אויך פון הינ־טער די קוליסן. העלערע ליכט, העלער, העלער. דער א ו ר ח גייט אָפּ מיט געמאָסטענע טריט.

פ א ר ה א נ ג .



# דריטער אַקט

פינצטער. ס'הויבט אן ליכטיק ווערן, העלער, העלער, העל, דער־
זעט מען אז עס איז בא א ל י מ ל כ ן, ווי אין סוף ערשטן
אקט: א ל י מ ל ך באם אויבנאן, ש ל א פ נ ד י ק. דער
א ו ר ח קוקנדיק אויף א ל י מ ל כן. ס'איז שטיל א ווײלע.
א געדריקטע שטימונג.

## דער אורח

ווי אומבאהאלפן ס'איז דער מענטש...
ער גייט אליין דעם בייז אקעגן!.. —

צוגייענדיק נאענט צו א ל י מ ל כ ן

ער ווייסט אליין זיין שלעכטע פירונג,
ער גלויבט, אז קומען וועט א צייט,
וואס וועט זיך רעכענען פאר אלץ...
און קאן נישט אויסווארצלען דאס נארישע,
דאס איינגעגראבענע אין הארצן — —

אוועקגייענדיק פון א ל י מ ל כ ן

און גייט אליין דעם בייז אקעגן!...

ב ו ע ז קומט־אן, דערזעענדיק דעם א ו ר ח, בלייבט ער ווי
פארגליווערט. א לאנג שטיל שווייגן. ב ו ע ז קוקט פארשנדיק
אויפן א ו ר ח און ווארפט אלעמאל א בליק אויף
א ל י מ ל כ ן.

## דער אורח

צו בועזן

סע פרעגט מיך ס'הארץ דיינס ווער איך בין,
איך פיל און ווייס און כ'זאג אליין! — :
איך בין געוועזן און איך בין
אזוי שוין פון בראשית אן.

פון ווען דער מענטש האט אנגעהויבן שטרעבן
צו באקומען די ממשלה.
און ער האט נאך נישט דערגרייכט,
ווייל איך בין בא אים א ג א ס ט נאר...

איך האב געזאגט צו אדמן,

אַז חוה רעדט אים אָן צו זינד...
איך האָב געזאָגט און כ'בין פאַרשוואונדן.

איך האָב געזאָגט צו קינען:
הרגע נישט דיין ברודער הבל!
איך האָב געזאָגט און כ'בין פאַרשוואונדן.

און כ'האָב געזאָגט צו נחן:
אַ תיבה מאַך צו שיצן זיך
און יעדערער באַשעפעניש!

אַברהמען האָב איך געזאָגט:
צעקריג זיך נישט מיט לוטן...
און פרעהן: לאָז אַרויס די אידן!

איך האָב געזאָגט און כ'בין פאַרשוואונדן,
ווייל פול מיט ליידן איז דער מענטש,
איז האַרט זיין האַרץ און טעמפ זיין מח,
אַז כ'בין באַ אים אַ גאַסט אויף אַ ווייל... —

אַזוי באַ יעדן ביז צו דיר,
און כ'וועל אויך זיין באַ אַלע נ אָ ך דיר,
און אויפגעבויט וועט ווערן
דאָס נייע, נייע הויז...

— — — — — — — — — — — — — —

און קומען וועט די נייע צייט,
וואָס כ'וועל נישט זיין קיין גאַסט באַ אייך,
כ'וועל זיין באַ אייך אַ ש ט ע נ ד י ק ע ר!...
כ'וועל קומען שוין מיט ברויט און זאַלץ...,
דאָס הויז באַנייען, ז י ך ב אַ ז ע צ ן... —

דער א ו ר ח נעגטערט־זיך אויף רעכטס — אפצוגיין. אהינצו גייט נאָך ב ו ע ז און נייט־אָפ, קוקנדיק צום א ו ר ח.

## דער אורח

געווענדט צו א ל י מ ל כ ן

דערוואַך, דערוואַך און זאָלסט געדענקען!

דער א ו ר ח ווערט נעלם. א ל י מ ל ך צעשרייט־זיך ווילד פונעם שלאָף.

## אלימלך

ווייי איז מיר, גוואַלד, גוואַלד!



לאָזט מיך, לאָזט מיך, שוין גענוג!
ווייי איז מיר! —

ער כאַפט זיך אויף און נעמט לויפן אַרום און אַרום, אַ ווילד־דערשראָקענער.

## אלימלך

שוין פאַרשלעפט מיך דאָ אַהער,
ווייי, באַ מ י ר צו זען מיין בראָך!
לאָזט מיך, לאָזט מיך —

## אַ דינער

פון הינטער די קוליסן

מיידן, שנעלער, וואַך דער האַר!

## אלימלך

ווייי, ווידער יענע בילדער, ווייי!
ווען שוין, ווען שוין קומט אַ סוף!
ווייי, לאָז שוין זיין גענוג!

פון הינטער די קוליסן הערט זיך מ י י ד ן שפּילן אַ פריילעכס. א ל י מ ל ך, ווי ווילד־משוגע, ראַנגלט זיך מוראדיק. דאָס שפּילן פון הינטער די קוליסן ווערט פון מאָל צו מאָל נענטער, ראַשיקער. מ י י ד ן זינגען־מיט. א ל י מ ל ך וואַרפט זיך אין אַלע זייטן. פאַרשטעקט זיך די אויערן און רופט ווי וואַרגנדיק זיך.

## אלימלך

לאָזט מיך רוען איין מינוט!
מעק דיך אָפּ זכרון, מעק דיך אָפּ!

ס'קומען־אַן די מ י י ד ן — שפּילנדיק, זינגענדיק. גלייך ווי זיי קומען־אַן, שרייט־אויס א ל י מ ל ך מיט אַלע כּחות

שווייגט!!!...

צוזאַמען מיטן אויסגעשריי ווערט מיטאַמאָל איבערגעהאַקט דאָס שפּילן און זינגען. די מ י י ד ן פאַרוואונדערט. א ל י מ ל ך צעוויינט־זיך. ס'קומען־אַן נ ע מ י, מ ח ל ו ן, כ ל י ו ן, אַ ל ט ע ר ד י נ ע ר, אַ ל ט ע ד י נ ע ר ן און אַ ד י נ ע ר.

## אלימלך

געהאָלפן מיר מיין רחמים בעטן! —
פאַראַן רחמנות אויף דער וועלט.
ווי גוט מיר איז אַצינד, ווי גוט!
ביסלעכווייז דערפיל איך לעבן —

### אַלטער דינער

**גוטער האַר, וואָס איז מיט דיר!?**

### נעמי

צוגייענדיק צו א ל י מ ל כ ן

**וויי, באַרואיק דיך!**

אים ארומנעמענדיק

**קום צו דיר —**

### אלימלך

**ווידער, ווידער דאָ, נאָר אַנדערש!**
**נעמי, נעמי, דו אַ נ ט ל ו י פ ס ט נישט?**

### נעמי

**באַרואיק דיך, וואָס איז מיט דיר?**

### אלימלך

**נעמי, פלעגסט פון מיר אַנטלויפן,**
**איצטער נעמסטו מיך אַרום!**

אלע קוקן זיך אן, וואונדערנדיק

### אלימלך

**קבר־ריח טרייבט דיך נישט אַוועק?**

### נעמי

צעוויינט זיך

**אלימלך, האַר, וואָס רעדסטו?**

### אַלטער דינער

**אלימלך, גרויסער האַר,**
**קום צו דיר, דו לעבסט!**

### אַלטע דינערן

**גוטער האַר, דו לעבסט!**
**האָסט געהאַט אַ בייזן חלום,**
**קוק דיך אום, אָט זעסטו אַלע,**
**אַלע די געטרייע דינער!**



### אלימלך

**לאַנג אַזוינע רייד שוין נישט געהערט,**
**איז עס נישט קיין נייע צרה!?**

### מחלון

**פאָטער, פאָטער, קוק דיך אום,**
**קום צו זיך, דו ביסט צעמישט!**

### כליון

אַ ביסל צערודערט

**„קאָטאַ, טאָטאַ, הו־הו, הו",**
**גיי איך רופן כישופמאַכערנס!**

אפ.

### אלימלך

**ניין ,ניין, רוף זיי נישט!**

### אַ דינער

**אלימלך, גרויסער האַר,**
**קוק, דערקען מיך, דיין געטרייעסטן!**

### אלימלך

**היימלעך, אַך ווי היימלעך ס'ווערט!**

### אַ דינער

**שרייט אַ יעדער מיט־מיט מיר:**
**אלימלך לעבט!!**

### אַלע

**אלימלך לעבט!**

א ל י מ ל ך הויבט־אן קוקן אַהין און אַהער. אויף זיין שויי־נער אויבערפעל, אויף דעם עולם ארום זיך.

### נעמי

**זע, אָט זענען אַלע דייניקע,**
**ס'איז געווען אַ חלום נאָר —**

אַלטע דינערן

אַ בייזער חלום!

א ל י מ ל ך קומט ביסלעכווייז צו זיך

נעמי

זע דיין קיניגלעכע אויבערפעל.

א ל י מ ל ך אָטעמט־אָפּ

אַ דינער

זע דיין האָב־און־גוטס!

אלימלך

יאָ, ווייזט אויס, אַ חלום...
ס'איז געווען אַ בייזער חלום!
כ'האָב געמאַטערט זיך אַ טויטער,
כ'האָב געליטן אָן אַ שיעור!

ציטערט־אויף

אָ, פאַרשווינדט פון מיר אַצינד,
כ'וויל דאָ בלייבן גאַנץ אַליין.

אַלע, אויסער נ ע מ י, צעגייען זיך ביסלעכווייז

נעמי

איצטער מוז איך זיין מיט דיר,
ביסט אַזוי צעטראָגן,
אַ דערשלאָגענער פון חלום,
ניין, דו טאָרסט נישט זיין אַליין!

אלימלך

כ'בין באַרואיקט, כ'זע ס'אַ חלום,
לאָז מיך בלייבן דאָ אַליין!

נעמי

ווי, סע ציטערט מיר מיין האַרץ,
איצט אַוועקצוגיין פון דיר!
קום מיט מיר אין מיין געצעלט,
כ'וועל דיך האַלדזן, כ'וועל דיך קושן
און באַרואיקן דיין מוח! —



אלימלך

נעמי!
איך פאַרטראָג נישט איצט קיין צערטלען,
גיי, גיי פון מיר!

נעמי

אלימלך!

אלימלך

גיי, נעמי, גיי פון מיר!

נעמי

אָפּגייענדיק

גאָט, באַשיק, גאָט, באַשיק!

נ ע מ י אָפּ, א ל י מ ל ך קוקט איר נאָך, באַטראַכט זיין אויבערפעל. קוקט אַרום־און־אַרום.

אלימלך

ס'איז אַ חלום, יאָ, אַ חלום.

ער נעמט שפּאַנען און שטעלט זיך אָפּ.

ס'איז אַ גרויל זיך צו דערמאָנען!
אין אַ קליינער צייט געווען,
אַך, אין טויזנט שוואַרצע וועלטן,
נאָר ווי אָנגעשיקט אויף מיר,
כ'זאָל דערזען מיין שוואַרצן סוף,
ווען כ'פאַרבעסער נישט אַצינד! —
כ'טרינק זיך אין אַ ים פון שמוץ,
אין געמויזעכץ, אין געמויזעכץ,
כ'פיל צו זיך אַליין אַן עקל,
אַזוי איינגעריכט בין איך,
מיין גאַנצער, גאַנצער א י ך.
ס'האָט וויין באַרוישט מיין מוח,
ס'האָט פעטס פאַרפעט מיין האַרץ,
ס'האָט גאָלד פאַרבלענדט מיין אויג,
און ווייבער האָבן מיינע
טעג און נעכט געפאַנגען.

פויזע.

ווי ס'וואָלט אַ שד מיך אומגעפירט

און אָנגערעדט צום אַלעם בייזן,
אָנגערעדט מיך און באַצוואונגען,
כ'זאָל געהאָרכן זיין באַפעל!
כ'האָב געפּלאָנטערט ווי אַ בלינדער,
צווישן זיינע טייוול־פּיס
און געמאַכט אַ יעדן שפּאַן
נאָר מיט אים, נאָר מיט אים,
ווייל איך מענטש בין אומבאַהאָלפן!..

פּויזע.

נאָך אַצינדערט היט ער מיך,
ער לאָזט נישט אָפּ קיין אויג פון מיר
און צעלייגט זיך אין דער ברייט,
און צעגלאָצט זיך טויזנט אויגיק,
און ער ציט פון מיר אַרויס
יעדן פונק, אַ יעדן פונק,
וואָס געפינט זיך נאָך באַ מיר,
אַז איך זאָל באַהערשן זיך.
און סע ווערט מיר טעמפּ מיין מוח,
און סע ווערט מיר פּוסט מיין האַרץ,
און די אויגן אויפגעריסן.
מיין מוח קאָן שוין נישט באַנעמען,
ס'האַרץ מיינס פילט נישט קיינעמס ווייי,
און פאַר מיר איז ווינציק אַלצדינג.
סע פאַרשטאָפּן זיך די אויערן,
אַז איך הער נישט קיינעמס קרעכצן,
איך הער נאָר אַזאַ טייוולייש כיכען:
„ד אָ ס   ג ע ו י ס ן   איז די שוואַכקייט
וואָס פאַרדרייט דעם קאָפּ אַ יעדן" —

לאַנגע פּויזע. א ל י מ ל ך ראַנגלט זיך מיט זיך אַליין.

„דאָס געוויסן איז די שוואַכקייט
וואָס פאַרדרייט דעם קאָפּ אַ יעדן"...

מיט פאַרביטערונג

קורץ דאָס מענטשן־לעבן,
גרויס די ליידן דיינע! — —

ענדערנדיק זיין פּאַזע. ציניש.

קורץ דער מענטשן־ ש כ ל ,
גרויס די ליידן זיינע!...

פּויזע.



גיי איך עפּענען דעם שייער,
וועל איך מאָרגן הונגערן ווי זיי!
גיין אַהין קיין מואב,
שרעקט מיך אָפּ דער בייזער חלום...
קורץ דער מענטשן־שכל,
גרויס די ליידן זיינע..

ווי צעמישט

פּאַקט אַ שווינדל פאַר די אויגן,
מענטשן דרייען, קנוילן זיך,
אַלע קאָפּ אַראָפּ, קאָפּ אַראָפּ...
נעמט פאַרדרייען זיך דער קאָפּ...,
וואַקלט זיך דער גאַנצער גוף...,
בויגן זיך די פיס, מע פאַלט...
און סע שוועבן דורך אין מח
שוואַרצע בילדער, ק ב ר ־ בילדער!..

א ל י מ ל ך, שיר נישט ווי געריר ט פון זינען. באַוועגט מיט די ליפּן. ער רעדט עפּעס צו זיך. מען הערט נישט וואָס. פון צווישן געפּלאַפּל רייסן זיך אַרויס די ווערטער: „נ ע מ י"... „ר ו ת, ר ו ־ ו ־ ו ת"... „ב ל אַ נ ק ע ן"... „א ו מ ר ו"... „ג י ב ־ א ו י ף"... „ג י ב ־ א ו י ף"... „ד ע ר ס ו ף"... „א ו י ג פ אַ ר א ו י ג"... „ד ע ר ס ו ף"... ער פאַלט שיר אום. נישט ווילנדיק גיט ער אַ פּאַטש מיט די הענט. ס'קומט־אַן אַ דינער.

## אַ דינער

אלימלך, גרויסער האַר,
איך בין אָנגעברייט צו פאָלגן!

דעם ד י נ ע ר ס אנקום האַט איבערגעהאַקט א ל י מ ל כ ס פּאַזע.

## אלימלך

כ'גיי שוין נישט אַוועק פון דאַנען...
שנעלער עפן־אויף מיין שייער!

## אַ דינער

בליץ־געשווינד!

אָפּ.

א ל י מ ל ך גיט אַ פּאַטש מיט די הענט, דער ד י נ ע ר קומט צוריק.

## אַ דינער

איך בין אָנגעגרייט צו פאָלגן!

### אַלימלך

שוין דעם שייער אויפגעעפנט?

### אַ דינער

נאָך נישט, האַר, איך גיי אַצינד!

### אַלימלך

אפנייענדיק מיטן דינער

וואַרט, כ'וועל דיר זאָגן —

אַ ל י מ ל ך אָפּ. ס'באַגעגנט אים אַ שפּילעריי, וואָס ווערט גלייך איבערגעהאַקט. אַ ד י נ ע ר אָפּ, גלייך נאָך אַ ל י מ ל כ ן. פּויזע. ס'קומען־אַן אַ ל ט ע ר ד י נ ע ר, אַ ל ט ע ד י־ נ ע ר ן, שמועסנדיק צווישן זיך.

### אַלטע דינערן

פֿאַרפֿאַלן, ס'גייט דער האַר אַוועק.

### אַלטער דינער

גייט אַוועק און לאָזט אונדז איבער.

### אַלטע דינערן

העלן מיר אויסגיין פֿאַר אַ ביסן!

### אַלטער דינער

בועז איז אַ גוטער,
בועז האָלט זיין שייער אָפן!

### אַלטע דינערן

אָבער שוין די לעצטע זאַנגען!

### אַלטער דינער

גאָט פֿאַרלאָזט נישט אין אַ נויט! —

### אַלטע דינערן

וואָס דער יונג האָט אָנגעאַרבעט!



### אַלטער דינער

כ'האָב געבעטן און געוואָרנט:
האַרן האָבן שאַרפֿע שפּיזן.....
האָט ער נישט געקוקט דאַרויף.
און אַצינדערט וואָס וועט זיין?

### אַלטע דינערן

לאָזט אונדז איבער אויף דער עלטער,
אַלע כחות אויסגעאַרבעט!

### אַלטער דינער

אפשר וועט ער אַנדערש ווערן,
נאָך דעם בייזן חלום?

### אַלטע דינערן

ר'האָט באַשלאָסן, איז שוין הייליק —

### מחלון

אנקומענדיק

און אַן עק זאָל נעמען,
קיינער גייט נישט מיט!

אַ ל ט ע ר ד י נ ע ר, אַ ל ט ע ד י נ ע ר ן רוקן זיך אָפּ אַן אַ זייט. ס'קומט אָן אַן ע ל ט ע ר מ יי ד ל.

### אַ מיידל

מחלון, נעם מיך מיט מיט דיר!
האָסט מיר אויסגענאָגט מיין יוגנט,
כ'בין פֿאַרעלטערט פֿאַר דער צייט,
נעם מיך מיט מיט דיר!

### מחלון

קיינער גייט נישט מיט אין לאַנד פֿון מואב,
קיינער גייט נישט מיט! — — —

ציניש

האָט דען מואב נישט קיין ווייבער?

אפנייענדיק, רעדט ער צו זיך

מואבס טעכטער זענען שענערע!

אָפּ.

## אַ מיידל

**אויסגענאָגט און אויסגעשפּיגן...**

## אַלטע דינערן

**ז י י ן סוף וועט נאָך ערגער זיין!**

## כליון

אנקומענדיק

**„קאָטאַ, טאָטאַ, הו הו, הו"**
**קוקדאָן און זאָגן אַלעס.**
**זאָגן וואָס דער סוף וועט זיין,**
**נעמען טשוועקן זיך די האָר**
**און סע קאָרטשעט זיך דער גוף... —**

## דאָס צווייטע מיידל

אנקומענדיק

**כליון, כליון, נישט פאַרגעס**
**די שטייפע ברוסט, די ווייכע שויס,**
**און לאָז נישט איבער דאָ דיין דינסט**
**צום געשפּעט פון גאַסנמוידן...**
**נעם מיך מיט מיט דיר, כליון!**

## כליון

אפּלויפנדיק

**„קאָטאַ, טאָטאַ, הו הו, הו",**
**כ'וועל אַ מואב־טאָכטער נעמען,**
**זי וועט רייצן מער ווי דו,**
**„קאָטאַ, טאָטאַ, הו הו, הו".**

אפּ.

## דאָס צווייטע מיידל

**אויסגענאָגט און אויסגעשפּיגן...**

## בועז

פון הינטער די קוליסן

**אָפּן איז מיין שייער,**
**זאַנגען נאָך פאַראַן,**
**און קערנער נאָך גענוג!**



**ווער סע קומט אַ הונגעריקער,**

אנקומענדיק

**גייט אַוועק אַ זאַטער!**

## אַלע

א חוץ ב ו ע ז

**בועז, בועז, זיי געבענטשט!**

## בועז

**זאָל קיין זאָרג נישט דריקן אייך,**
**וואָס אלימלך גייט אַוועק!**
**ער גייט אַוועק נישט בלויז פון אייך,**
**ער גייט אַוועק נאָך מער פון ז י ך...**

## אַלע

**ער גייט אַוועק פון אונדז,**
**ער גייט אַוועק פון ז י ך...**

## בועז

**איך האָב געזאָגט די יונגען מיינע,**
**אַז פריי זאָל זיין פאַר יעדן איינעם —**
**זיי האָבן אָנגעגרייט אַסאַך,**
**ווען איצט נאָך איז פאַראַן.**
**ברידער מיינע, הונגעריקע,**
**קומט נאָך היינט און זעטיקט אייך,**
**קומט און קלייבט די לעצטע זאַנגען,**
**קומט און נעמט די לעצטע קערנער,**
**זיי זענען אייערע ווי מיינע!**

## אַלע

**בועז! בועז!**

## בועז

אפּגייענדיק

**אָפּן איז מיין שייער!**

אפּ. פון הינטער די קוליסן:

**אָפּן איז מיין שייער!**

### אַלע

נאָכשרייענדיק

בועז, בועז, זײַ געבענטשט!

יונגער דינער, יונגע דינערן, קומען־און

### יונגער דינער

אַנקומענדיק

נישט דערשלאָגן זאָלט איר זײַן,
נייערט מונטערע און שטאָלצע!
נישט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ,
נייערט הויבט אַ האַנט אַ פּעסטע,
איז דער הײַנט אַן אומגנבליק
און דער מאָרגן איז אַ גרויסער,
שיינער, העל־באַלויכטענער!

טויזנט זונען שטראַלנדיקע,
וועלן לײַכטן אומעטום
און דערפֿרייען אײַער האַרץ,
און דערהויבן אײַער קאָפּ!

אַ ברויזנדיקע שטים פֿון הינטער די קוליסן, אַלע אויפֿמערקזאַם

### דער אורח

פֿון הינטער די קוליסן, ברויזנדיק

ס'וועט פֿאַרשווינדן יעדער ווײ!
אַלע וועלן הערצער האָבן,
אַלע וועלן מענטשן זײַן,
וועט פֿאַרשווינדן יעדער ווײ!...

### יונגע דינערן

איין נאַכט נאָר גייט פֿאַרבײַ
און דער מאָרגן איז שוין דאָ! —
ריינע, שוועסטער, אָפּ דעם שמוץ,
וואָס די צײַט האָט אָנגעוואָרפֿן
אויפֿן חשבון פֿון נאַראָנים...
מאַכט אײַך גרייט צו גיין אַקעגן
אָט דעם קומענדיקן מאָרגן! — — —

### יונגער דינער, יונגע דינערן

ס'איז דער הײַנט אַן אויגנבליק
און דער מאָרגן איז אַ גרויסער!



### אַלטער דינער

אויפֿגעבראַכט

דו האָסט אויפֿגערודערט אַלע,
און געבראַכט אויף אונדז אַ חורבן! —
אלימלך איז אין צאָרן,
וואָס מען האָט דיך נישט פֿאַרשטיינערט.
מיינט ער, אַז די מחנה איז צערייצט,
מע וועט צענעמען אים דעם שייער,
נעמט ער, גייט אַוועק פֿון דאַנען —
בלײַבן מיר דאָ אָן אַ זאַנג!

### אַלטע דינערן

אויפֿגעבראַכט

עי, דו יונגער, ביסט צעלאָזן!
ס'איז דײַן צינגעלע געשליפֿן...
און דו ביסט דערצו אַ שטאָלצער.
טרעט מען דיר נאָר עפּעס אָן,
נעמסטו, אַ צעהיצטער, שרײַען,
רוישן, ווייסט אַליין נישט וואָס, —
דאָס מויל דײַנס שפּריצט מיט פֿייער־פֿונקען,
מ'וואָלט עס דיר באַדאַרפֿט פֿאַרשטאָפּן!

### אַלטער דינער

אויפֿגעבראַכט

גלײַך אין אָנהויב צײַט געווען,
וואָלט די צרה נישט געקומען! —

### אַ דינער

אַנקומענדיק

בעסער איז דורך יענער זײַט!...

פּויזע.

### מחלון

נאָך אים, אַנקומענדיק

נישט דורך יענער זײַט,

ווײַזנדיק אין אַן אַנדערער ריכטונג.

נייערט דאָ, נאָר דאָ אַרומעט.

## אַ דינער

מחלון, מחלון, האַר,
דער וועג איז דאָרטן בעסער.

## מחלון

גוט, זאָל זיין דורך יענער זייט,
נאָר פֿאַרגעס נישט איינצופּאַקן,
ס'זאָל קיין שפּענדל דאָ נישט בלייבן!
קיינער גייט נישט מיט, נאָר דו,
טאָ ווייס־זשע ווי געטריי צו זיין,
דו זאָלסט היטן יעדעס קלענסטע!

## אַ דינער

אויפֿן אויער

מחלון, האַר, סאַ שווערע זאַך,
סע קען ווער נעמען מיט געוואַלד!

## מחלון

צו די אַרומיקע

וואָס שטעלט איר אויף די אויערן?
געשווינד פֿון דאַנען, שקלאַפֿנזין!

אַלטער דינער, אַלטע דינערן, דערשלאָגן בוקן זיך, גייען־אָפּ. די צוויי מיידלעך גייען־אָפּ בייז און פֿאַרשעמט. יונגער דינער, יונגע דינערן רירן זיך נישט פֿון די ערטער.

## מחלון

אין גרימצאָרן

שקלאַפֿן־זין מיט גלייכע רוקנס,
לאַנגע צינגער, אומפֿאַרשעמטע!
אַ שאַרפֿע שפּיז וועט בויגן אייך...

יונגער דינער, יונגע דינערן רירן זיך נישט פֿון די ערטער

## מחלון

צום דינער

קום אַהין דאָרט, מיין באַפֿעל —

מחלון און דער דינער גייען אין אַן אַנדערער זייט. מחלון רעדט צום דינער אויפֿן אויער, מען הערט נישט וואָס. דער דינער אויפֿמערקזאַם. יונגער



דינער, יונגע דינערן קוקן דורכדרינגענד אויף מחלונען. פּויזע. יונגער דינער, יונגע דינערן ענדערן זייער פּאָזע.

## יונגער דינער, יונגע דינערן

אָפּגייענדיק רעדן זיי צו מחלונען. האָקט ער איבער זיין שטיל רעדן.

ס'איז דער היינט אַן אויגנבליק
און דער מאָרגן איז אַ גרויסער!...

אָפּ.

## מחלון

און הער שוין וואָס איך זאָג צו דיר:
זאָלסט דיך גוט באַוואָפֿענען...

## אַ דינער

יאָ, מיין האַר,
איך וועל טון ווי דיין באַפֿעל!

אלימלך קומט־אַן. מחלון, דער דינער — אָפּ.

## אלימלך

אַנקומענדיק

נאַרישע געדאַנקען דאָס.
בלייב איך דאָ אַ קליינע צייט נאָר,
איז אַ סוף צום שיער מיינעם.
האַלטן אים פֿאַרמאַכט, —
הונגער וועט זיך מערן —
וועט מען אים צעטראָגן!
עפּענען און טיילן?
נאַריש, אַך, ווי נאַריש!

פּויזע.

כאָטש איך מי זיך צו באַהערשן,
קומען דאָך געדאַנקען, קומען,
מוטשען, מאַטערן און פּלאָגן,
נעמט מיר קלאַפּן ס'האַרץ פֿאַר שרעק.
זיכער איז מיר, אַז ס'איז נאַריש,
נאָר סע פֿרעגט נישט און סע קלאַפּט
און סע שרעקט מיך אָפּ פֿאַר אַלץ!

פּויזע.

אָט די קראַפֿט וואָס קומט אַליין,

גנבעט זיך אַריין אין האַרצן
און פֿאַרפֿירט דעם קלוגסטן קאָפּ,
רעדט אים איין צו שרעקן זיך
פֿאַר אַ גאָרנישט, פֿאַר אַ גאָרנישט!
אָט דער כּח קומט צו יעדן,
קומט צ ו ג אַ ס ט און פֿרעגט נישט אָן,
און גייט אַוועק ווען אים פֿאַרגלוסט זיך!
ער קומט און ווערט אַ באַלעבאָס, —
מע מעג שוין קלערן וואָס מע וויל,
מע מעג שוין זיין מיט אַלעם פֿאַרטיק,
קומט ער, מאַכט אַ תּל פֿון אַלץ.
אָט דעם כּח צו דערשטיקן,
צו דערשטיקן!
אַך!

ער גיט אַ פּאַטש מיט די הענט, קומט אַ ד י נ ע ר

א דינער

אנקומענדיק

איך בין אָנגעגרייט צו פֿאָלגן!

אלימלך

שנעלער, דו, אַ בעכער ווייַן!

א דינער

אפּגייענדיק

בליץ־געשווינד!

אַפּ.

אלימלך

ווייַן דערמונטערט נאָך צומבעסטן!

א דינער

ברענגענדיק אַ בעכער ווייַן

גרויסער האַר!

א ל י מ ל ך נעמט דעם בעכער ווייַן און מאַכט צום ד י נ ע ר מיט דער האַנט — אַפּצוגיין. דער ד י נ ע ר אַפּ. א ל י מ ל ך טרינקט ווי מע וויל זיך פֿאַרגעסן.

אלימלך

סע דערמונטערט און סע נאָגט...

א ל י מ ל ך טרינקט אויס און וואַרפֿט אַוועק דעם בעכער.



ווי סע נאָגט און מוטשעט מיך!

פּויזע. ער גיט אַ פּאַטש, קומט אַ דינער.

א דינער

אנקומענדיק

איך בין אָנגעברייט!

אלימלך

הייס דאָרט געבן, פֿאַרן אָפּגיין,
יעדער מויד אַ מעסטל זאַנגען!

א דינער

אפּגייענדיק

גוטער האַר!

אַפּ.

אלימלך

ס'ווערט אַלץ שווערער אויפֿן האַרצן.
אַך!

ער מאַכט אַ צוויי שפּאַן, שטעלט זיך אָפּ. פּויזע. ער גיט אַ פּאַטש, קומט אַ ד י נ ע ר.

א דינער

אנקומענדיק

איך בין אָנגעברייט צו —

אלימלך

לאָזט אים נישט אויסרעדן

שוין געהייסן געבן זיי?

א דינער

שוין, גרויסער האַר!

אלימלך

זאָלן קומען דאָ אַהער!

א דינער

אפּגייענדיק

בליץ־געשווינד!

אַפּ.

### אלימלך

זאָלן קומען און פֿאַרשפּילן
און פֿאַרזינגען מיר מײַן ווײ!

פון הינטער די קוליסן הערט זיך שפּילן אַ טרויעריקס. א ל י מ ל ך ווערט גערירט... מ י י ד ן שפּילן מיט. דאָס שפּילן און זינגען נעענטערט זיך.

### אלימלך

סע פֿאַרוויגט און נאָגט נאָך מער... — —
אפשר וואָלט איך ניט אַוועק?
ס'האָט מײַן שייער פֿאַר אַ יעדן,
יעדער קען געזעטיקט ווערן.
נישטיק איז דעם מענטשנס לעבן,
וואָס־זשע נוצט אַוועקצוגיין?
ווי קען מען זיך באַוואָרענען?

די מ י י ד ן קומען אַן שפּילנדיק, זינגענדיק

### זינג־מיידן

פֿינצטער איז דעם מענטשנס גורל,
אָן אַ זון דאָס גאַנצע לעבן.
דאָס דערגרייכן איז אין קבר
און אַ חלום, איז דאָס שטערבן. — —

נאַריש איז דער קלוגסטער מענטש,
אינעם האָפֿן גליק צו האָבן.
ס'איז אומזיסט זײַן האָפֿן, וואַרטן,
ס'איז דאָס גליק שוין לאַנג באַגראָבן...

ס'איז אַ שטראָף ס'געבוירן ווערן,
סע פֿאַרמשפּט נויט און פּיין.
מענטש, אומזיסט דײַן ראַנגלען זיך,
ס'וועט נישט קיינמאָל בעסער זײַן! — —

פֿינצטער איז דעם מענטשנס גורל,
אָן אַ זון דאָס גאַנצע לעבן.
דאָס דערגרייכן, איז אין קבר
און אַ חלום איז דאָס שטערבן.

דאָס דערגרייכן איז אין קבר
און אַ חלום איז —

א ל י מ ל ך האַקט איבער זייער שפּילן און זינגען.



### אלימלך

שווײַגט! ס'איז שוין גענוג פֿאַר מיר!
גייט אײַך, גייט, פֿאַרשווינדט, פֿאַרשווינדט!

די מ י י ד ן אָפּ.

כ'וויל נישט הערן אײַער זינגען!

ס'הויבט אָן צופֿאַלן די נאַכט.

### אַ דינער

קומט אַן, רעדט אײַלנדיק

אלימלך, גרויסער האַר!
גרייט איז אַלעס אָפּצוגיין,
קום, זיי וואַרטן שוין אויף דיר.

### אלימלך

אַן אויפֿגעלעבטער

קום, מיר גייען שוין פֿון דאַנען!
קורץ דער מענטשן־שכל,
גרויס די ליידן זײַנע...

ער לאָזט זיך אָפּגיין

אַך, ווי קלאָר מיר איז אַצינד! — :
„דאָס ג ע װ י ס ן, איז די ש װ אַ כ ק י י ט,
וואָס פֿ אַ ר ד ר י י ט דעם קאָפּ אַ יעדן!"...

### אַלטער דינער, אַלטע דינערן

אָנקומענדיק

גוטער האַר, דערבאַרעם דיך!

פֿאַלן מיטן פּנים' צו זײַנע פֿיס

### אלימלך

שטופּט זיי אָפּ

גייט אײַך, שקלאַפֿן־זין,
אַליין געבראַכט דערצו.

### אַלטער דינער, אַלטע דינערן

דערבאַרעם זיך אויף אונדזער עלטער!

אלימלך, דער דינער אָפּ. פון הינטער די קוליסן הערן זיך גרויסע גוואַלדן. ס'קומען צו לויפן: יונגער די־נער, יונגע דינערן, צעבלוטיקט, צעפּליקט די פּעל, די האָר צעשויבערט. נאָך זיי לויפט אַ טייל פון דער מחנה — אַ ווילד צערייצטע.

## איינער פון דער מחנה

דו, נאַר דו ביסט שולדיק —
נעמט פאַרשטיינערט אים! —
האָסט געבראַכט אויף אונדז אָן אומגליק!
דו, נאַר דו ביסט שולדיק —

## יונגער דינער

פינצטערע!!
דערזעט דעם אָנקום פון זיין אומקום!

## איינער פון דער מחנה

נעמט פאַרשטיינערט אים!

אייניקע פון דער מחנה לאָזן זיך צום יונגן די־נער און ווערן ווי אָפּגעשטעלט פון דער יונגער די־נערנס אויסגעשריי.

## יונגע דינערן

בלינדע!!
איך זע דעם אָנקום פון זיין אומקום!

## איינער פון דער מחנה

דאָס מויל פאַרשטאָפּן!

## יונגער דינער

סע שטרעקט זיך אויס צו אים אַ האַנט,
אַ האַנט, אַ האַנט פון טויזנט הענט
און מאַכט צו אים אַ סוף, אַ סוף!!!

## איינער פון דער מחנה

דאָס מויל פאַרשטאָפּט אים!

אייניקע פון דער מחנה לאָזן זיך צום יונגן די־נער, שרייענדיק: „דאָס מויל פאַרשטאָפּט אים!“ — דעם אורחס באַווייזן זיך האַקט איבער, אַלע ווי פאַרשטיינערט. דער אורח גייט פאַרביי זיי אַלע און ווערט נעלם.



## אַ דינער

פון הינטער די קוליסן

מאַכט פריי דעם וועג, סע גייט דער האַר,
אלימלך גייט קיין מואב — — —
מאַכט פריי דעם וועג!

## אַ שטים

פון הינטער די קוליסן

פאַרהאַרטעווע דאָס האַרץ, וואָס פילט
אַ יעדע ווייטיק פון באַשטראָפטן
און זאָג אים אָן די בייזע בשורה —

קליינע פויזע

דעם אָנקום פון זיין אומקום!

## דער אורח

דורכגייענדיק

ווי אומבאַהאָלפן ס'איז דער מענטש...
ער גייט אַליין דעם בייז אַקעגן... — —

ער ווערט נעלם. קליינע פויזע.

## יונגער דינער

דונערט מיט זיין שטים

ווער ס'האָט קראַפט — צו מיר!!

## יונגע דינערן

ווי ער

ווער ס'האָט קראַפט — צו מיר!!
ווער ס'האָט מוט — צו מיר!!

## יונגער דינער

ווי פריער

ווער ס'האָט מוט — צו מיר!!
ווער!... ווער!... ווער!... — צו מיר!!

די אַלע וואָס האָבן זיך פריער צו אים געלאָזט אים שלאָגן, שטייען אָפּהענטיק. די אַנדערע גייען פּאַמעלעך צו. פון אַלע זייטן נעמען זיך ציען גאַנצע מחנות. יונגער דינער, אַוועק. נאָך זיי האַלט אין איין גיין יונג און אַלט, אויפגע־יונגע דינערן, צוזאַמען מיט די אָנגעקומענע, איילן ברויזטע.

## יונגער דינער

פון הינטער די קוליסן, וואָס אַמאָל אַ ביסל ווייטער

אונדזער האַנט האָט פעלד פאַראַקערט,
אונדזער האַנט האָט פעלד פאַרזייעט,
אונדזער האַנט האָט זאַנג געשניטן
און אין שייער איינגעזאַמלט!
נעמט ער פירט דאָס אַלץ אַוועק,
הויבן מיר אויף אים די האַנט!
איינס, צוויי, איינס, צוויי, נאָך, מער!
אַ האַנט, אַ האַנט פון טויזנט הענט
הויבט זיך אויף אויף אים
און רייסט אַרויס שוין אונדזער מי
און צווינגט אים אויף: ג י ב  א ו י ף...

## שטימען

פון גרויסע מחנות, הינטער די קוליסן, וואָס אַמאָל ווייטער

גיב אויף!! גיב אויף!!
סע קומט דיין סוף!!
דו פאַלסט און פאַלסט!
פאַ־אַ־אַלסט... פאַ־אַ־אַלסט...

אין הינטערגרונט עפנט זיך אַ קוליסע. די מ ח נ ו ת נעלם. אין הינטערגרונט טיף־טיף, גאָר ווייט, זעט זיך א ל י מ ל ך, ער פאַרוואַרפט מיטן קאָפּ, פאַלט. פויזע. די קוליסע אין הינטער־גרונט פאַרמאַכט זיך. העלערע ליכט. דער א ו ר ח באַווייזט זיך מיט ב ר ו י ט און ז אַ ל ץ... לייגט עס אַנידער און זעצט זיך. פויזע.

פ אַ ר ה אַ נ ג.

ס ו ף.

אונגוואַר (גאַליציע), 1926,
בוענאָס איירעס, 1933.



AVIGDER SPRITZER

# RUTH

POEMA DRAMÁTICO

BUENOS AIRES, 1933.

